





ליטעראריש־
קינסטלערישער
און פאליטיש־
וויסנשאפטלעכער
כוידעש זשורנאל

№ 11

מינסק

# אינהאַלט



אַדרעס: מינסק, לענינסקע, 22. זשורנאַל „שטערן“.

פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַרייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראַריש־קינסטלערישער און פּאָליטיש־
וויסנשאַפֿטלעכער כוידעש־זשורנאַל.

נאָיאַבר 1929 ═══ פֿינפֿטער יאָרגאַנג ═══ № 11

ד. האָפֿשטיין.

## לידער.

I

אָשערן.

דײַן טײַערן נאָמען,
די ווערטער די צאַרטסטע
פֿון הארצן פֿון מיינעם.

דײַן טײַערן נאָמען
פֿון טאָמער, אַף טאָמער,

איך האָב אין דײַן נאָמען
זיי אַלע געמאָלדן
איך האָב אין דײַן נאָמען געבענטשט,
אַמאָל אויך געשאָלטן.

איך ווייס, מײַן באַצויבערטער ברודער,
מײַן ליכטיקער מענטש!
דײַן הארציקע ליד
האָט בענטשונג פֿארהיט,
איך ווייס, אז דו האָסט זיך פֿון שעלטן געוועדס.

פֿארגעב מיר, מײַן ברודער, מײַן העלד!
דערפֿאר דאָך דײַן האנט האָט געהאַלטן א שווערד,
קעגן פֿײַנטלעכער וועלט האָסטו האַסטיק געשטעלט
דאָס ביקסל—אין פֿינגער אין יונגע געקריגן...

און איך האָב מײַן וואָרט דאָ געשמידט און געשליפן:
אויך האַס און אויך גיפט זאָל עס טריפן...
פאַרגעב מיר!
אין נאָמען אין דײַנעם איך האָב זיי געמאָלדן,
איך האָב אין דײַן נאָמען געבענטשט
אַמאָל אויך געשאָלטן...

II

אָט אזוי ווערט פון האַרציקן טוי
און פון וואַרעמע יונגע געבליטן,
אָט אַזוי
ווערט פון מענטשלעכן לײַב,
וואָס אין צײַט איז געפענטעט,
ווערט א טרוים,
וואָס אין יאָרן, אין ווײַטע ז׳געוועגדעט,
ווערט געזאנג, וואָס אין יאָרן פאַרבלײַבט ניט געענדערט,
אָט אַזוי
ווערט אַ טרוים,
ווערט אַ ליד,
א לעגענדע.

III

בלומען גאַמאַרניק.

איז פלוצים—אין שטעטל, אין מאלין
אַ מענגע מיט גראַמען, פון ריטמען אַ מאַכנע
מיך רוישיק און האַסטיק באַפאַלן.

און נעמען און נעמען—זיי שווימען
אָט דאָ באַם וואָקזאַל האָט געוואָינט אַמאָל יאַכנים,
אַ טאָכטער געהאַט האָט ער בלומע.

כ׳טראַכט וועגן אַנדערע, אַנדערע נעמען,
דער בלומע האָט אָשער געשענקט זײַן סאמבאטיען.

. . . . . . . . .

איז וועמען דערמאָנען נאָך וועמען?

ניט ווײַט אין אָליעווסק איז דאָ אָשער געפאַלן,
מיר האָבן שוין יאָרן אַ צענדליק
האָט פלוצים אין שטעטל, אין מאלין

דער ציטער, דער רײַכסטער פֿון האַרצן פֿון מײַנעם
(איך האָב אים דערקענט הײַנט ווי שטענדיק),
מיר שטיל דאָ געזאָגט, אַז מײַן היים איז אוקראַינע.

מיין היים, וואָס מײַן בלוט האָט זי מוטיק באַגאָסן,
מײַן היים מיט מײַן ליבע דערוואַרעמט,
זי נויטיקט זיך ניט אין פֿאַרגלײַכן, אין מאָסן.

מײַן טײַערע היים, וואָס די וועלט זאָל ניט זאָגן!
עס וועט מיך פֿון הײַנט שוין ניט אַרן,
איך האָב זי הײַנט טײַער און האַרציק געקראָגן...

———

הימלאַנד, הימלאַנד גרינע,
ליכטיקע מעדינע.
הימלאַנד, הימלאַנד בלויע
יונגע קויכעס, רויע.

דאָ אַף דײַנע וועגן
מילד און רײַך געבלוטיקט,
בלוט האָט ניט אַנטמוטיקט,
בלוט מיר הייסט דערוועגן.

דאָ אַף דײַנע שליאַכן
טריי דעם אָל געטראָגן,
כ׳מעג מיט אַלע גלײַך דאָ
היים און האָב פֿאַרמאָגן...

י. ראַבין.

# מיט וואָס מיר לעבן.

מיט אַ וואָך פֿריער בין איך אין דער דרוקערײַ אָנגעקומען אַרבעטן.

מיט אַ וואָך שפּעטער איז ער אין דער דרוקערײַ אָנגעקומען אָנצופֿירן מיט מײַן אַרבעט.

ווען עס טרעפֿט פֿאַרקערט, וואָלט איך מיסטאָמע אים פֿאַרעכנט פֿאַר אַן אַלטן טוישעוו און פֿאַר אַ געניטן דירעקטאָר. נאָר ווײַל געשען איז אַזוי ווי עס איז געשען, בין איך שוין געווען אַ מענטש מיט אַ סטאַזש און ער אַ פֿרישינקער. אַז ער איז דעם ערשטן מאָל דורכגעגאַנגען די דרוקערײַ, האָבן אים אַלע באַטראַכט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. איך בין דאַן געבליבן שטיין מיטן אָל אין זאַק (אַ לאַנגער צאַדיק איז אַרײַנגעפֿאַלן אָנשטאָט אַ לאַנגן פֿײ) און אים געשמייכלט אין די אויגן. (איך ווייס, אַז דירעקטאָרן, ווען זיי באַווײַזן זיך דעם ערשטן מאָל, שמייכלען זיי אויך). איך האָב געקוקט אַף אים און מיטן אָל דעם זאַק צעשטויסן.

ער האָט דעם אָל (מיט מײַן האַנט) פֿון זאַק אַרויסגענומען און געזאָגט:

— ניט קיין גוטע באַגעגעניש... אײַער צעשטאָטענער זאַק גייט שוין אַף מײַן כעשבן. פֿון הײַנט אָן גייט שוין אַלץ אַף מײַן כעשבן...

ער איז אַוועק.

איך האָב אים באַגלייט: צופֿעליק איז ער ניט קיין פּראָוויזאָר, צופֿעליק קיין רויפֿע ניט און אינגאַנצן צופֿעליק—אַ דירעקטאָר.

כאַוויירים האָבן מיך ניט אונטערגעהאַלטן—זיי האַלטן ניט פֿון די דרײַ „צופֿעליקײַטן“, און זיי האָבן געשוויגן—ניט געוואָלט האָבן זיי באַליידיקן מײַן באַליידיקטן געמיט. און אַז מײַן באַליידיקטער געמיט איז געמיטלעך געוואָרן, האָב איך געטראַכט: עפּשער איז ער גערעכט... אָבער אַוואַדע וואָלט געווען בעסער ווען איך בין גערעכט. זאָל זיך די וועלט איבערקערן, און איך זאָל זײַן גערעכט.

אין מיר איז פֿאַראַן אַקשאָנעס, אין מיר איז אַ קויעך פֿאַראַן צו פֿאַרגעדענקען אימיצנס אַ באַליידיקונג אַף לאַנגע יאָרן, און ווען פֿאַר דעמדאָזיקן אימיצן וועט אָנקומען אַ שלעכטער טאָג, וועל איך אים צום פֿוס צובינדן נאָך אַ שטיין. יאָ איך ווייס גאַנץ אָפֿט, אַז עס פּאַסט ניט, נאָר... און איצט וועט עס פּאַסן.

איצט?

אַלנפֿאַלס האָב איך אים נאָכגעפֿאָרשט.

ער טראָגט ברילן. די גלעזלעך גיבן אָפּ אַ וואַסערדיקע בלויקײַט. אַף אַ זיצונג קוקט ער אָנגעשטרענגט אַפֿן רעדנער און פֿאַרצייכנט אין אַ פּאַפּיר מינוסן מיט פּלוסן. אַליין רעדט ער לאַנג, מאַכט אַלעמען אויסצודרייען. פֿון זײַנע אײַנפֿאַלן לאַכט ער. ער האָט ליב דיסקוסירן און דערווידערן.

צו דער אַרבעט קומט ער פֿריער פֿאַר אַלעמען. אין טעלעפֿאָן רעדט ער ניט. אַז ער רעדט, זאָגט ער אָנשטאָט דרוקערײַ—די פֿאַבריק.

איינמאָל קומען די אַרבעטער און טרעפֿן אים, ווי ער שטייט אײַנגעבויגן איבערן דיל און קלײַבט צונויף אויסיעס, שפּאַציעס. אין דער האַנט האַלט ער אַ צענדליק פֿאַרגרינטע ליניעס, וואָס ער האָט פֿון אונטער די רעאַלן אַרויסגעשלעפּט.

איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען פֿונאַנדערויב: וואָס זאָל דאָס באַדײַטן? אָבער אַז נאָכדעם האָט קיינער קײַן אויסיעס ניט געוואָרפֿן אַף דרערד, און אַלע האָבן זייערע רעאַלן אָפּגעהיט, האָב איך שוין פֿאַרשטאַנען—דאָס איז דאָך גאָר אַן אײַנפֿאַל.

נאָר באַלד ווערט בײַ מיר אַזאַ שפּרינגערײַ אין מויעך: אָט וועלן שוין איצט אַלע דערציילן ניסים וועגן דירעקטאָר. און וואָס האָט ער אַזוינס געטאָן? ווען עס טרעפֿט מיט מיר?—גאָרניט. איך אַליין וואָלט עס אָפּילע ניט באַמערקט.

דעם דירעקטאָר זעען אַלע. אַלע אויגן קוקן אַף אים. נאָר איך בין צופֿרידן, וואָס אַף אַ דירעקטאָר איז מען געוואוינט זײַן אַנגעשטויסן, זוכן כעסרוינעס.

איך האָב אויך געזוכט. עפּשער געפֿינען די „צופֿעליקײַטן“.

אָדער וואָס עס זאָל ניט זײַן.

---

עפּשער דערפֿאַר, וואָס איך האָב מיט אַ היבש ביסל יאָרן מײַנע אָפּגעשטעקט אין דעם אַמאָל... נאָר איך האָב פֿײַנט גיין דורך איין טיר מיט אַלעמען. כ׳ווייס דאָן ניט: ווו בין איך אַליין.

פֿאַרן פֿאַריין מוז איך דײַגען, פֿאַר דער פֿאַבריק, פֿאַרן קאָלעקטיוו און זיי ערשט דײַגען פֿאַר מיר. ניין, איך וויל פֿאַר זיך אַליין זאָרגן, זאָל יעדער פֿאַר זיך...

פֿאַרן שלאָף זיך איך אין בעט, שלעפּ אַראָפּ אַ שקאַרפּעטקע פֿון פֿוס, פֿאַרקנייטשט דעם פּאָנים און זאָג צום ווײַב: גוט כאָטש, וואָס אין בעט בין איך אַליין. שטעל זיך פֿאָר, מאַלקע, איך זאָל מאָרגן שטאַרבן, וועט מען שרײַבן אין אַ שוואַרצער ראָם: אַזאַ געזעלשאַפֿטלעכער מענטש געווען, אַלץ פֿאַר כאַווײרים...

דאָס איז אַ ליגן.

נאָר הײַנט וויל מען בעסער אַן אָנגענומענעם ליגן איידער אַן אָפּגעלייקנטן עמעס. הײַנט האָט מען מוירע לאָזן דעם מענטשן אַליין, און איך וויל גראָדע אַליין.

— ווילסט אַליין... ווער שטייט דיר אין וועג?

— אין וועג שטייט מיר, וואָס איך בין צופֿעליק ניט קײַן דירעקטאָר.

דאָס האָט זיך בײַ מיר אַרויסגעכאַפּט. איך האָב גענומען פֿאַרײַבן, איך וויל דען זײַן אַ דירעקטאָר?

בײַנאַכט איז עס געווען. פֿאַרן שלאָף. און בײַטאָג, בײַ דער אַרבעט, האָבן מיר אַליין ניט באַמערקט, וואָס מיט אונדז איז פֿאָרגעקומען. יעדער פֿון אונדז האָט געזאָגט:

— אונדזער דירעקטאָר, אָהאָ! ער גיט יעדן אַ טורע פֿאָר.

מיר האָבן געשטעלט אַ ראַטאַציע!

מיר האָבן... די דריטע דרוקערײַ האָט אויסגעשריבן פֿינף לינאָטיפּן, האָט אונדזער דירעקטאָר צוויי אָפּגעשלאָגן פֿאַר אונדז.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער אַלעמען געטיילט פּאַפּיראָסן. אַלע האָבן אים אַ גאַנצן טאָג באַגריסט, און ער האָט פֿון פֿרייד ניט געקענט מיט די הענט באַהערשן.

ביז שפּעטן אָוונט האָט מען צו אים פֿון דער היים געקלונגען, ער זאָל קומען עסן מיטיק. ער איז אָבער געווען זאַט (קימאַט אַ גאַנצן טאָג אין מויל ניט געהאַט) און זיך אַלץ אַרומגעדרייט אַרום די מאַשינעס, זיי געטאַפּט און געגלעט, זיך געפֿרייט און ניט געקענט פֿון זיי אָפּטרעטן.

שוין שפּעט בײַנאַכט איז געקומען דאָס ווײַב צו לויפֿן. זי האָט ניט געגלויבט, אַז מיט אים איז גאָרניש ניט געשען און געקומען אים מיט די אייגענע אויגן אָנקוקן.

ער האָט זי צו די מאַשינעס צוגעפֿירט:

— נײַינקע, גאָר אַ שאָד אַף זיי נעמען אַרבעטן. כלעבן, אַ שאָד....

און איך האָב דאָסזעלבע געטראַכט, נאָר ניט געזאָגט. און ווען איך זאָג—וואָלט מען פֿון מיר געלאַכט.

אַף מאָרגן האָט ער שוין קיינעם קײַן פּאַפּיראָסן ניט געטיילט. אַף איבּערמאָרגן האָט יעדער געפֿונען אַף זײַן קאַסע אַ פּאַפּירעלע צוּבראָכענע אויסיעס, וואָס דער דירעקטאָר האָט צונויפֿגעקליבּן בּאַ די רעאַלן. דערבּײַ איז געווען צוגעלייגט אַ כעשבּן, וויפֿל עס קען אויסמאַכן דער מעלוכע אַ יאָר, אויב אַלע זעצער אין אַלע דרוקערײַען פֿונם גאַנצן פֿאַרבאַנד וועלן יעדן טאָג פֿאַטערן אַזויפֿיל אויסיעס.

די אַרבּעטער האָט עס אויפֿגערעגט: מאָדנע מיטלען... זאָל ער מאַכן אַ פֿאַרזאַמלונג, אויב ער האָט עפּעס טײַנעס.

האָבּ איך זיך אָפּגערופֿן: אָבּער העלפֿן העלפֿט עס...?

— יאָ, עס העלפֿט!—האָבּן זיי אײַנגעשטימט און די אויפֿרעגונג איז צוגאַנגען... קומט אויס, אַז איך האָבּ אים גאָר געטאָן אַ טויווע.

---

נו גוט, איך בּין אײַנשטימיק... זאָלן אַלע זײַן גלײַך. אָבּער גלײַך!

נאָר איך זע, אַז קעפּ שטעקן אַרויס. מיר קוקן אין ערשטן שטאָק, זיי דערלאַנגען בּיזן צווייטן.

— אָט מײַן דירעקטאָר.

איך וויל אויך דערלאַנגען בּיזן צווייטן שטאק, און איך בּין אים מעקאַנע, איך פֿאַרגין אים ניט. איך זוך אים אונטערגראָבּן. כ'ווייס, אַז עס פּאַסט ניט, עס איז מיעס, נאָר...

איז עס ווינציק.

קומט אייגער און דערציילט מיר, וואָס איך פֿאַרשרײַבּ:

„אין מינסק איז פֿאַראַן אַ גאַס נעמיגע. אַמאָל איז דאָ אַ טײַך געווען און האָט אויך אַמאָל געהייסן נעמיגע—הײַנט איז עס נאָר אַ גאַס מיט קראָמען. פֿונם דאָזיקן טײַך האָט דער סוויסליטש געצויגן זײַן יעניקע: גערונען אין אים און געלאָפֿן פֿון אים. נאָר דאָס איז געווען לאַנג, לאַנג מיט אַ יאָר... ווער ווייס וויפֿל. הײַנט איז דאָ נאָר אַ גאַס מיט קראָמען און הינטער דער גאַס גייען געסלעך, געסל-געסלעך, שמאָלע, דאַרע, אויסגעטריקנטע.

אַמאָל, גאָר אַמאָל מיט אַ יאָר... ווער ווייס וויפֿל, זײַנען צו די געסלעך טאָטערן געקומען און דאָס אָרט פֿאַרכאַפּט. דערנאָך האָט מען זיי געיאָגט צוריק און ווידער זײַנען זיי געקומען. אַרום גרויסן באַרג, וואָס האָט גערינט פֿאַר אַ פֿעסטונג, האָט זיך בּלוט געגאָסן.

הײַנט איז דאָ נאָר פֿאַרבּליבּן אַ טאָטערשע גאָס.

בּאַם באַרג אין סוויסליטש וואַשט מען שמאַטעס פֿון רינשטאָקן און מיסטקאַסטנס, אַפֿן בּאַרג טריקענען זיי זיך. און אַפֿן בּאַרג, איבּערן טײַך, איז דער גערוך פֿון די רינשטאָקן און מיסטקאַסטנס. דער גערוך דערגייט אויך צו די געסלעך, געסל-געסלעך, שמאָלע, דאַרע, אויסגעטריקנטע, וואָס טראָגן דעם נאָמען: הינטער זאַמקאָווע אַף דער בּלאָטע.

דאָרט האָט דעם ערשטן מאָל דער דירעקטאָר זיך געשפּילט אין שטויבּ, דעם ערשטן טרייפֿן בּיכל געלייענט. א באָכער געווען און אַ בּאַלעבּעסל געוואָרן, און דעם ערשטן מאָל האָט מען אים דאָרט אַרעסטירט. פֿאַרוואָס און פֿאַרוועןן—האָט מען ניט געוווּסט. געוווּסט האָט מען, אַז ער זיצט אין טויטן צימער, וואַרט טאָג אַף טאָג אַ בּענקל אונטער די פֿיס און אַ שטריק אַפֿן האַלדז, בּיז מע האָט אים פֿאַרביטן דעם טויט אַף לעבּן אין טפֿיסע מיט געשמידטע הענט און פֿיס. אַזוי איז ער אָפּגעזעסן 9 קײַלעכדיקע יאָר מיט אַ כוידעש. אין פֿעווראַל 1917 איז ער באַפֿרײַט געוואָרן. 2 כאַדאָשים איז ער ווידער געווען אַן עס-ער, 2 וואָכן—אַן אומפּאַרטעיִשער און דערנאָך—אַ בּאָלשעוויק".

מער האָט דער אייגער, וואָס ווייס זײַן געשיכטע, ניט דערציילט. ער האָט מער ניט דערציילט, און איך האָבּ מער ניט פֿאַרשריבּן.

נאָר פֿון דעם, וואָס איך האָבּ געהערט, האָבּ איך זיך דערפֿילט ווי צוגעדריקט. פֿריער האָבּ איך אים געקענט אַפֿילע פֿײַנט האָבּן און איצט קען איך דאָס אויך ניט. אָפּשײַ האָבּ

איך פֿאָר אים באַקומען. ער איז אויסגעוואַקסן הויך און ברייט, איך פֿיל זיך קעגן אים קליין, גאָרנישטנדיק.

וואָס זאָל איך איצט טאָן מיט אים?

און מיט זיך וואָס?

ער האָט מיך אפּגעשפּיגלט. צוליב אים האָב איך זיך דערזען און זיך פֿאַרשטאַנען.

ווילנע. זשמודסקי געסל. אַ דרוקערײַ.

איך אַרבעט, שפּאָר געלט און האָף אַליין אַמאָל אַף דערזעלבער זשמודסקי געסל אַ דרוקערײַ האָבן.

איך האָב אַ פֿרוי מיט אַ קינד. איך שפּאָר אין באַנק, דאָס ווײַב שפּאָרט אין קניפּל, דאָס קינד עסט ווינציק—זי שפּאָרט אויך.

איך היט זיך פֿאַר שלעכטע כאַווײרים, איך גיי ניט ווו מענטשן זאַמלען זיך, איך האָב מיר מײַנע צילן.

און אַלץ, ווייס איך, גייט ווי עס דאַרף גיין. איך גלויב אין דעם. נאָר פּלוצלונג הערט אַלץ אוף צו גיין, ווי עס דאַרף גיין, און עס גייט פּונקט קאַפּויר. און איך ווייס שוין דאַן גאָרניט צי זיך קלאָגן, וואָס מײַן פּאַרלאַנג איז צעבראָכן געוואָרן, צי זיך פֿרייען, וואָס ער איז ניט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן. איך האָב דאַן איינגעפֿונען, אַז זיך קלאָגן איז גרינגער— האָב איך געקלאָגט.

וואָס קען איך וועגן זיך נאָך זאָגן?

גאָרניט.

איך מיט מײַן גאַנץ לעבן קען זיך אויסזעצן אַף איין שטול. און ער, דער דירעקטאָר, דאַרף אַף דעם האָבן געוויס גאַנצע צימערן, גאַנצע הײַזער.

אינדערפֿרי גיי איך צו דער אַרבעט און באַגעגן אים... ער כאַפּט מיך אָן:

— איר ווייסט...

— איך ווייס גאָרניט.

— איר ווייסט נאָך גאָרניט?...

— איך ווייס נאָך גאָרניט.

— אַף דער נעכטיקער פּראָדוציר-באַראַטונג האָט אַן אַרבעטער פֿאָרגעלייגט אַ גאַנצע דערפֿינדונג...

— אַ דערפֿינדונג.

— יאָ. אונדזער אַן אַרבעטער. דאָס דאַרף מען וויסן, אַן אייגענער אַרבעטער... דאָס מוז מען וויסן.

און ער לײַכט, ער שײַנט. איך נעם צווייפֿלען ווער עס האָט דערפֿונדן, צי ניט ער אַליין? ניין. ניט ער.

— איך? ניין... אַף אַזוינס איז מײַן קאָפּ טעמפּ. ניט מײַן בראַנזשע.

דוכט מיר אויס, אַז ער טוט מיר דעם גרעסטן קאָוועד, וואָס ער פֿאַרטרויט מיר אַזוינס, וואָס איז פֿאַר מיר אָפֿנהערציק וועגן זײַן קאָפּ...

איך דערפֿיל, אז ער האָט מיך אויפֿגעהויבן העכער. איך בין צופֿרידן. די הענט אַרבעטן פֿלייסיקער.

און נאָכדעם איז אַ צווייטע באַגעגעניש—און ווידער דאָסזעלבע.

---

קעדיי אין מענטשן דעם גאַנצן מענטש ענדערן, דאַרף מען מיסטאָמע נאָר איין ביסעלע, איין טראָפּעלע צוגעבן צו די פֿיל טראָפּנס, וואָס ער פֿאַרמאָגט.

צו מיר איז איין טראָפּל פֿאַרטרויטקײַט און פֿרײַנטשאַפֿט צוגעקומען, און דאָס האָט אין מיר אַלץ איבערגעשלאָסן.

איך זאָג צו מײַן װײַב:

— דו זעסט אַף מיר גאָרניט?

— גראָע האָר.

— ניט דאָס.

— די פּלײצע אױסגעבױגן.

— װאָס זעסטו עס אַלצדינג... מער זעסטו גאָרניט?

— יאָ, יאָ... איך זע, ביסט נאַרישער געװאָרן.

צי דען באַמערקט זי ניט? אָדער זי באַמערקט און פֿאַרשטײט ניט. נײן. לאָזט זיך אױס, זי זעט און פֿאַרשטײט און איז אַף מיר ברוגזו.

זי האָט זיך איר „פֿאַרװאָס".

זי האָט איר קניפּל דורכגעטראָגן דורך רעװאָלוציעס און הונגער. געמײנט—אַן אױצער איז איר פֿאַרמעגן און געװען איז איר פֿאַרמעגן קאָלירט פּאַפּיר, װאָס האָט דעם װערט פֿאַרלאָרן. און איצט װײס זי, אַז זי האָט גאָרניט, אַז גאָרניט איז איר פֿאַרבליבן.

פֿאַרן שלאָף זיך איך װידער אין מײַן בעט, צי אַראָפּ אַ שקאַרפּעטקע, פֿאַרקנײטש דעם פּאָנים, און דאָס װײַב לאָזט אױס אַף מיר איר ביטער האַרץ.

— װאָלסטו געװען אַ גװיר, װאָלט מען די װעלט געהאַט—פֿאַר ניקאָלאַיען גוט געלעבט; װאָלסטו אַ מאַנסביל געװען מיט אַ כאַראַקטער, װאָלסטו אױך אַ כאָװער געװען און אַ יענע װעלט געגרײט—װאָלט אונדז איצט גוט געװען. און אַזױ האָט מען פֿריער געפּינצטערט און איצט לעבט מען נאַריש. עפּעס אַ שטיקל פֿרײד, אַ פּיצל פֿרײד... גראָ װערן שױן די האָר בײַ דיר, גראָ בײַ מיר, געװען אַ לעבן און אים אַרױסגעלאָזט, שטײנער האָבן האַנאָע געהאַט פֿון אים... ביסט גאָרניט קײן מאַנסביל, װי איך בין אַ ײדענע.

מיך אַרט קײנמאָל ניט אַזאַ טײַנע. מיך אַרט ניט ביז מע רירט דעם עמעס ניט אָן. רירט מען אים אָן, קען איך ניט פֿאַרלײַדן. אַלץ פֿאַרגײט מיר אין קאָפּ, און די הענט באַקומען דאַן אַ טעװע צו טאַפּן די לופֿט.

אַזױ איז איצט געװען. װאָרעם איך אַלײן האָב דען ניט פֿאַרשטאַנען, אַז איך האָב נאַריש אָפּגעשפּילט—איך האָב עס פֿאַרשטיקט. און איצט האָט זי עס מיר אין לײַב װי אַ מעסער אַרײַנגעשטאָכן. און אַז איך בין אַ פֿאַרצאָרנטער און פֿאַרברענטער פֿון מײַן בעט און פֿון מײַן שטוב אַרױסגעלאָפֿן, האָט מיר אױסגעדוכט, אַז דער אײנציקער, צו װעמען איך קען אָפּטראָגן מײַן אָנגעקװאָלן האַרץ, איז דער דירעקטאָר. צו אים!

און צו אים בין איך געקומען. איך האָב אַלץ דערצײלט און אַרױסגערעדט, פֿאַרענדיקט האָב איך אַזױ:

— ...װי קען מען אַ קער טאָן, אױסדרײען אַזױ, אַז אַ פּאָר גוטע יאָר זאָלן אױפֿעסן די פּיל שלעכטע. גיט אַן אײצע.

ער האָט געענטפֿערט:

— מיר װעלן זען, מיר װעלן עפּעס צוטראַכטן. איר זײַט אַמאָל אין אַ ײדישן טעאַטער געװען? צי האָט איר אַמאָל געהערט דאָס לידל „יעדער האָט אַ פּעקעלע, יעדער האָט אַ זעקעלע..." יאָ, איר װײסט... און װעגן װאָס איך האָב געטראַכט, װען איר האָט מיר דערצײלט, װײסט איר? הערט אױס און גיט מיר אױך אַן אײצע. איך האָב אַ טאָכטער און איך האָב זי ליב. עס װוּנדערט אַנדערע: אַ באָלשעװיק, אַ קאַטאָרזשניק... סענטימענטן! דאָס זאָגן אָבער נאַיװע מענטשן, נאַרישע מענטשן... איך האָב מײַן טאָכטער ליב. איצט האָט זי שױן די טאָכטער אַלײן אַ טאָכטער. אַפֿמאָרגן, װי זי איז אַ מאַמע געװאָרן, האָט איר דער מאַן געװאָרפֿן. איך האָב געשװיגן, איך האָב ניט געקענט שװײַגן, נאָר איך האָב זיך געשטאַרקט. הײַנט האָב איך ניט אױסגעהאַלטן און האָב אים צו זיך אין קאַבינעט אַרײַנגערופֿן (ער אַרבעט אין דער דרוקערײַ, זי איז געװען אַן עלטסטע פֿון פּיאָנערן-אָטריאַד און ער אַ טעכנישער סעקרעטאַר פֿון קאָמיוגישן קעמערל).

איך האָב אים געזאָגט;

— עפּשער דאַרף איך זיך ניט אריינמישן. נאָר איך בין אַ טאַטע... וואָס פאַרלאַנגסטו פון איר?

האָט ער אַרויסרופעריש געענטפערט:

— אייער קאַביִנעט שרעקט מיך ניט. וואָס איך האָב פון איר פאַרלאַנגט האָב איך שוין גענומען... זאָלן איצט פאַרלאַנגען אַנדערע.

זיך איך איצט און טראַכט, און אַז איר האָט מיר דערציילט, האָב איך אויך געטראַכט, וואָס מיט אים טאָן... עפּעס מוז איך טאָן. אָדער פון דרוקעריי אַרויסוואַרפן, אָדער אויספּאַטשן... כ׳ווייס, קיין רעכט האָב איך ניט אַף דעם, נאָר אַנדערש טאָן קען איך ניט, כ׳האָב נישט ווינציקער שלעכטע בלוט פאַר אַנדערע.

ער שווייגט. שווייגן מיר ביידע. און דאָס שווייגן איז אַ שווערער. איך וויל עפּעס זאָגן, נאָר ער כאַפּט אויס, ער גייט אַרום איבערן צימער און רעדט:

— אַ מענטש... אַ קאָמוניִסט איז דערזעלבער לעבעדיקער מענטש, ווי אַלע. נאָר שטעלט אייך פאָר, איך זאָג אייך: אויסוורף, איך רוף אייך: גאַנעוו, איך שילט אייך אין מאַמען—דערלאַנגט איר מיר אין באַק און איר זייט גערעכט, איך באַרעכטיק עס. נאָר אַז איר וועט מיך זידלען, וועל איך וועלן אייך דערלאַנגען אין באַק און וועל עס ניט טאָן, און איר ווייסט, איך וועל אויך זיין גערעכט. מיין פּאַטש איז אַסאַך פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר אייערן... אַ קאָמוניִסט מעג שיסן (אויב דער פאַרברעכן פאַרדינט עס) נאָר פּאַטשן ניט. און אין אונדזער לעבן איז נאָך פאַראַן אַסאַך אַזוינס פאַרוואָס מע דאַרף פּאַטשן און ניט שיסן. איר ווייסט, וואָס איז אַזוינס דיאַלעקטיק און וואָס אַזוינס ווידערשפּרוכן איז ווייסט איר? מיר קאָמוניִסטן ווילן דאָס לעבן אופהויבן און די ווידערשפּרוכן אַראָפּלאָזן, מיינער אַ פּאַטש קען פלאָנטערן אין דערדאָזיקער אַרבעט. ניין, ניין... לאָזט מיך ריידן, עס ווערט מיר גרינגער פון דעם. ניט אַלע אָוונטן זיינען באַ מיר פרייע און ניט אַלע מאָל צוגאַרטלט מען זיך. אָט איז אָבער אָנגעקומען אַ מאָמענט, ווען מיין בלוט קען ניט שווייגן, און פּאַטשן טאָר איך ניט, און רוען קען איך ניט און מיין טאָכטער אין די אויגן קוק איך ניט און אים דאַרף איך אַלע טאָג זען און שווייגן, שווייגן איז מיר שווער, נאָר איך מוז זיך שטאַרקן. אָבער איך בין געוואָינט געפילן צאַמען, זיי אַריינלייגן אין אַ פּראָגראַם, איך זאָג צו זיך אַליין: פאַראַן שווערוקייטן, אַוואַדע... איך האָב שווערוקייטן ליב. ווען אַלץ וואָלט געגאַנגען אַזוי גרינג און גוט, ווער וואָלט עס קיין בעריע ניט געווען... איר זעט, אָט איז אַלץ פאַרטיק און איך קען רויִק ווערן. נאָר אַז מיין טאָכטער וועט מיר קומען רופן אָנצוקוקן דעם אייניקל און דערביי וועט זי נאָך שמייכלען, קעדיי ניט אַרויסווייזן פאַר מיר איר שווערוקייט, האָב איך גענוג ביין בלוט, וואָס זאָל אַ זעץ טאָן צום האַרצן און דאַן...

ער האָט געשוויגן. איך האָב אויך געשוויגן.

---

אַלע טעג שטייט ער פאַר מיר אין אַן אַנדער אויסזען.

אָט איז ער אויסגעוואַקסן הויך ניט צו דערלאַנגען. און אָט שטייט ער ווי אַלע מענטשן מיט צאָרעס פון אַ טאָכטער.

איך האָב צאָרעס פון אַ ווייב.

ער—צאָרעס פון אַ טאָכטער.

און געמיינט האָב איך, אַז באַ אים איז אַלץ אַנדערש, ווי באַ אַנדערע.

פריער האָב איך אים פיינט געהאַט.

שפּעטער—מוירע דערשפּירט.

דערנאָך—אָפּשיי און אַכט געפילט.

איצט האָב איך אַף אים ראַכמאָנעס באַקומען.

דרײַ מאָל בין איך שוין געווען אַף פּראָדוּציר־באַראַטוּנגען. ער האָט מיך גערופֿן און אָנטזאָגן אים קען איך ניט.

איך אַרבעט גיכער, פֿלײַסיקער. איך שרײַ אַף מײַנע כאַווײרים, זיי זאָלן גיכער אַרבעטן—איך וויל אים אַ פֿרייד אָנטאָן, איך וויל אים צופֿרידנשטעלן—אַלץ פֿון ראַכמאָנעס.

ער האָט מיך אין אַ פּאָליט־קרײַז אַרײַנגעזעצט. אַ האַלבע וואָך אוונטן זײַנען באַ מיר פֿאַרנומענע, אַ האַלבע וואָך פֿאַרנומענע אָוונטן—דאָס איז שוין קימאַט אַ פּאַרטעישער.

אַזוי גייט אַ וואָך, אַזוי גייט אַ כוידעש. פֿריער גיי איך, ווײַל ער פֿירט מיך. דערנאָך קום איך, ווײַל איך בין שוין איינמאָל געווען, און אַז איך קום—טו איך עפּעס, און אַז איך טו עפּעס—פֿאַרפֿלעכט עס מיך און פֿאַרבינדעט, און איך גיי שוין נאָכדעם, ווײַל איך בין פֿאַרבונדן.

ניט אַזוי גיך טוט זיך, ווי גיך עס רעדט זיך און אַפֿילע ריידן—רעדט זיך ניט אַזוי גיך.

נעכטן האָב איך געהאַט אַ שמועס מיטן דירעקטאָר.

איך זאָג צו אים:

— אַף פּראָדוּציר־באַראַטוּנגען מעגט איר מיך רופֿן, אין קרײַזן מעגט איר נעמען, איר ווילט פֿון מיר מאַכן אַ מוסטער באַ דער אַרבעט—מאַכט. נאָר אויב איר האָט אין זינען מיך אַרײַנצוזעצן אין דער פּאַרטיי—איז ניט, דאָס ניט.

ער האָט אַ שמייכל געטאָן. טראַכט איך: אָנגעטראָפֿן! איך זע דען ניט זײַן שנירעלע, וואָס ער ציט?

ענטפֿערט ער:

— נו גוט. אָפֿענע קאָרטן, צוריק ווערט איר שוין סײַווײַסײַ ניט גיין, הערט. איר טראַכט אַזוי: אַ ראַכמאָנעס אַף דעם מענטשן, צוליב ראַכמאָנעס דאַרף מען אים טאָן אַ טױווע, גיין אַף אַ פֿאַרזאַמלונג, אין אַ קרײַז. איך האָב ליב, אַז מע שלאָגט מיך, איך האָב פֿײַנט, אַז מע האָט אַף מיר ראַכמאָנעס, ראַכמאָנעס איז אַ קאָפּצאָנישע פֿילאָסאָפֿיע. פֿאַרגעדענקט עס, אַז איר וועט מיר אַמאָל וועלן שטראָפֿן, אַז איר וועט וועלן אָן מיר נעקאָמע נעמען—האָט דאַן אַף מיר ראַכמאָנעס. נאָר געמאַכט האָט זיך אַזוי, אַז ווען איר זייט צו מיר געגאַנגען מיט ראַכמאָנעס, האָט מיך דאָס קעמערל געשיקט אײַך אָרגאַניזירן און איך האָב אײַך פֿאַר אײַער ראַכמאָנעס אָנגעכאַפּט און דורך אים אײַך געפֿירט, ווי מיט אַ רודער. איך פֿאָרויס, נאָך מיר אײַער ראַכמאָנעס און נאָך אײַער ראַכמאָנעס—איר אַליין. נאָר שרעקט אײַך ניט, אין דער פּאַרטיי וועט מען אײַך ניט אַרײַנזעצן, אַרײַנזעצן געוויס ניט... איצט זע איך, זײַט איר באַליידיקט. פֿריער, אַז איר האָט ניט געוואָלט—איז אײַך אָנגעשטאַנען, נאָר אַז מיר ווילן ניט—דאָ זײַט איר באַליידיקט, דאָס פּאַסט אײַך ניט. איר פֿאַרשטייט, כאַווער, אַז איך טו אַ קוק אַף אײַך, זע איך אַן אַרבעטער, וואָס שטעקט מיט אַ יאָר דרײַסיק אַף צוריק. איר דאַרפֿט נאָך די גאַנצע דרײַסיק יאָר דורכמאַכן, קעדיי אָנצוּיאָגן, ווערן אַן אַרבעטער פֿון דער סאָציאַליזם־עפּאָכע און ערשט דאַן וועט מען אײַך ניט אַרײַנזעצן... איר וועט אַליין קומען...

ער איז ווידער גאָר אַ נײַער פֿאַר מיר אויפֿגעקומען. איצט האָב איך פֿאַר אים ווידער אַכט און אָפּשײַ, נאָר געמישט מיט אַ פֿאָרזיכטיקײַט, אַז ער זאָל מיך ווידער ניט דערזען און דורכקוקן, וואָרעם זײַן אויג דערזעט, וואָס עס ליגט אין קנייטש פֿון שטערן און אין בוזעם פֿון האַרץ.

---

מיר זײַנען אַרויס אין געוועט.

אַסאַך זײַנען צופֿרידן, אַנדערע—אומצופֿרידן. אָבער סײַ די, סײַ יענע אַרבעטן הײַנט אויפֿמערקזאַמער. קיינער פֿון אונדז וואָלט פֿונדעסטוועגן ניט וועלן אַרבעטן אין אַ דרוקערײַ, וואָס וועט פֿאַרשפּילן.

נאָכדעם ווערן די אומצופֿרידענע אויס אומצופֿרידן, זיי ווערן אומרויִק און אַלע טאָג אויפֿגערעגט. זיי דוכט, די איבעריקע באַלעמוטשען אין דער אַרבעט.

— איר האָט אונדז אַרײַנגעשלעפּט און צוליב אײַך זאָלן מיר פֿאַרשפּילן.

אַ ראַכמאָנעס אַף מײַן שאָכן. פֿאַרן „אַרײַנשלעפּן" וואָלט ער זיי אָפּגעלייענט אַ לעקציע, נאָר ער האָט קיין צײַט ניט—אַרבעט.

דעם ערשטן טאָג איז דער דירעקטאָר אַרומגעלאָפֿן איבער אַלע אָפּטיילונגען און זיך פּאָשעט געבעטן:

— כאַווײרים, באַוויַיזט בעריעשקײַט, כאַווײרים...

איך בין צופֿרידן, וואָס ער איז אַזוי פֿאַרנומען, וואָס ער איז פֿאַרטאָן און פֿאַרטראַכט. איצט, אַז ער קוקט אַף מיר, אָדער רעדט מיט מיר, האָט ער קיין צײַט ניט מיך דורכצוקוקן, ער איז פֿאַרנומען און פֿאַרטאָן מיט אַלע זײַנע געדאַנקען און באַוועגונגען.

אַזוי איז געווען פֿון אָנהויב. נאָכדעם איז ער געזעסן גאַנצע טעג און גערעכנט. די גאַנצע קאָנטאָר איז געזעסן און גערעכנט.

דערנאָך האָט ער אַלע טאָג געקלונגען צו דער געוועט-דרוקערײַ נאָך ידיִעס. אַלע טאָג איז געווען צופּיל—האָט מען אָפּגעלייגט אַף אַלע דרײַ טעג. צום סאָף אָפּגערעדט אַף אַלע וואָך.

פֿון אָנהויב איז געגאַנגען גלײַך. באַ ביידן גלײַך. איז עס אונדזערן ניט געפֿעלן געוואָרן. זאָגט ער איינמאָל צו יענעם: „הײַנטיקע וואָך איז באַ מיר געפֿאַלן אַביסל". ענטפֿערט יענער: „באַ מיר אויך. אַפֿילע יענע וואָך איז געווען ניט אײַנגאַנצן". לייגט אונדזערער אַוועק דאָס טרײַבל און לאָזט זיך פֿאַנאַנדער: אָט ווי אַזוי מע דערגייט עס דעם עמעס. באַ אים פֿאַלט און באַ אים הויבט זיך. כאַווײרים, דערלאַנגט... ווערן מיר ווײַזן...

אַפֿמאָרגן דערוואַרט מען אים אין זײַן נײַעם אָנצוג, מע ווייס פֿאָרויס, אַז ער וועט זײַן צופֿרידן און ווען ער וועט די אָפּטיילונגען דורכגיין, וועט ער טיילן פּאַפּיראָסן.

נאָר אַפֿמאָרגן קומט ער ניט אין קײַן נײַעם אָנצוג, אָנגעכמורעט איז ער, אומצופֿרידן און קײַן פּאַפּיראָסן טיילט ער אויך קיינעם ניט.

איך כאַפּ אים צו מיטיק-שאָ:

— כאַווער דירעקטאָר, ווידער דער איידעם?...

ניין. ס'איז ניט דער איידעם. ס'איז ער אַליין. און ס'איז, זאָגט ער, אַסאַך שווערער האָבן טײַנעס צו זיך אַליין, ווי צו אַן איידעם. מער זאָגט ער גאָרניט. ער קען ניט ריידן, ווען עס דריקט אים אונטערן האַרצן...

אינאָוונט בין איך צו אים אינדערהיים געלאָפֿן. ער איז פֿאַר מיר אַ רעטעניש געוואָרן. אַ קאַטאָרזשניק, אַ באָלשעוויק, אַף פֿראָנטן געווען, ווייס, פֿאַרשטייט און לערנט אַנדערע—דריקט אים אונטערן האַרצן. אַלע טאָג עפּעס אַ נײַס.

— כאַווער דירעקטאָר—זאָג איך—איר האָט טײַנעס צו זיך אַליין... איך זיך אַליין קען און מיר גלוסט זיך ניט דעריבער מיט זיך אַליין האָבן צו טאָן, וואָרעם ווער צווישן מיר מיט זיך אַליין וועט בלײַבן דער גערעכטער, איז מיר אַלציינס ביטער... און אַף אײַך וואָלט איך עס אויך ניט געגלויבט, וואָס האָט איר צו זיך?

— אײַך, אײַך, וואָס איר זײַט זיכער, אַז קאַטאָרזשניקעס זײַנען פֿון אײַזן, באָלשעוויקעס פֿון שטאָל, זיי קענען קעמפֿן, שיסן, שרײַען, זײַן אַגיטאַטאָרן, דעמאַגאָגן, ווי קומט צו זיי כאַראָטע, פֿאַרדרוס, געפֿילן... דער טײַוול ווייס עס, אין אַלץ פֿאַרשטייט מען אונדז, נאָר אין דעם קען אונדז קיינער ניט פֿאַרשטיין, און מיר זײַנען דאָך אינדערעמעסן, נאָר פּאָשעטע מענטשן ווי אַלע, פּאָשעטער ווי אַלע און מענטשישער ווי אַלע, נאָר מיר זײַנען באָלשעוויקעס דערצו. דערפֿאַר אַפּלאָדירט מען אונדז, דערפֿאַר האָט מען אַכט, נאָר קיינער פֿאַרשטייט ניט, אַז אין אונדז זיצט דערזעלבער מענטשישער טײַוול ווי אין אַלעמען... אָט בין איך נעכטן געווען פֿאַרשיקערט פֿון פֿרייד, מאַמעש פֿאַרשיקערט... און פֿון פֿרייד בין

אִיך נאַרִישׁ נעגאַנגען דורכן טעלעפאָן אַרויסנאַרן באַ יענעם, אַז באַ יענעם אִיז שלעכט און באַ מִיר גוט. און אִיך האָב האַנאָע געהאַט, וואָס באַ יענעם אִיז שלעכט, און יענער, מִיסטאָמע, האָט האַנאָע געהאַט וואָס באַ מִיר אִיז שלעכט... יאָ, און עפּשער האָט גאָר יענער אויך אָפּגענאַרט און ווען אִיך האָב געלאַכט פון אִים, האָט ער געלאַכט פון מִיר... מִיר פרייען זִיך וואָס עס גייט קאַפּויער, און דאָס אַלץ קעדיי אונדזער עגאָיִסטישער טייוול זאָל אַבִּיסל אָנקוועלן, וואָס זשע בלייבט דאַן פון סאָציאַלִיסטִישן געוועט?! אַז עס גייט דורך דער שיקרעס, הויבט אָן דער געוויסן צו פרעסן, געפִילן צושפִּילן זִיך, שווערער ווי אַן אַנדערן. איך האָב שוין צופִיל איינז אִין זִיך איינגענומען און אַף זִיך געטראָגן, אַז אִיך זאָל זִיך שאַנעווען. וואָרעם פאַרשטייסט, אַזוי וועלן מִיר פרִיער צו דער לעוואָנע קומען, ווי צום קאָמוניִזם און'מִיר דאַרפן פאַרקערט.

אִיך האָב אִים געוואָלט טרייסטן. אִיך האָב געוואָלט דערווייזן, אַז וואָס ער זאָגט אִיז נִיט רִיכטִיק, אִיך האָב געוואָלט... נאָר געטאָן האָב איך גאָרנִיט, אִיך בִּין אַוועק און אַוועק מִיטן געדאַנק מער קיינמאָל צו אִים נִיט קומען, מער מִיט אִים נִיט כאַווערן. מִיר אִיז דערעסן געוואָרן, אַז שטענדִיק זאָל ער דער גערעכטער בלייבן און שטענדִיק זאָל ער אַנדערש אויסזען און אַנדערש מִיך אָפּנאַרן.

גענוג.

מער ווִיל אִיך נִיט.

---

מיין וואָרט האָב אִיך נִיט געהאַלטן. אִיך בִּין צו אִים געקומען, אָבער צו אַ קראַנקן ווִי גייט מען נִיט?

געווען אִיז אַזוי.

קיין סִיבעס האָט מען נִיט געוווּסט, נאָר דִי ראָטאַציע האָט אַ פּלאַץ געטאָן, צעבראָכן זִיך אַף נִיט אַזוי גִיך ווִידער גיין.

דער דִירעקטאָר אִיז אַרומגעגאַנגען, ווִי ער וואָלט עס גאָר צוקוועטשט געוואָרן. ער האָט זִיך צו גאָרנִיט געקענט צורִירן. אַפִילע אויסגעזען האָט ער אַנדערש. אַפן האַלדז האָט זִיך געזען אַ בלוי קייטל אָדערן, דאָס פּאָנִים האָט געהאַט בלאַסע פלעקן, ווִי אָפּגעשטאַרבענע, אָפּגעטויטע פִינגער—קיינמאָל האט מען עס פרִיער נִיט געזען.

אַפּמאַרגן האט ער זִיך גענומען טרייסטן. קלִינגען אִין אַלע טעלעפאָנען. רופן, פאָדערן, בעטן.

דאַך האט זִיך אִין זעלבן אָפּמאַרגן באַ אִים אויפגעעפנט אַן אַלטע טפִּיסע-קרענק און ער האט זִיך אִין בעט אַרייַנגעלייגט. דאָקטוירִים האבן וועגן אִים געזאָגט דאָסזעלבע, וואס טעכנִיקער וועגן דער מאַשִין—ער וועט אַזוי גִיך אִין גאַנג נִיט גיין.

---

פונדעסטוועגן זייַנען ביידע אַוועק.

---

אִין דער רעוו\דִיר-קאָמִיסיע פון אונדזער קעמערל.

דאָסדאָזִיקע העפט האב אִיך געפונען. דאָס אִיז געווִיס אַ מִין טאָג-בוך פון אונדזערן אַן אַרבעטער. דער דִירעקטאָר, וועגן וועלכן דאָ רעדט זיך, אִיז באַשטִימט אונדזערער. דאָ אִיז באַשריבן, מִיט וואָס זיי זייַנען געווען פאַרנומען, און מִיט וואס זיי האבן געלעבט דִי לעצטע צייַט. אִיך גִיב עס אִיבער, ווִי מאַטעריאַל צו דער רייניקונג.

מִיט אומפאַרטייִשן קאָמוניִסטִישן גרוס:

אָנפּראָצענטיקע האַלוואָע-אָבלִיגאַציע, סעריע נום. 0027867, נום. 02.

פּאַוולוק טרוס.

# צענטער גרונטשטייז.

(פראַגמענטן פֿון אַ פּאָעמע).

I

שנייעלעך אין רוימען
גרינגע ווינטן טראָגן,
שנייען זילבער קלאָרע
פֿאַלן שטיל אַזוי.
ס׳האָבן קאַרשנבוימער
זײַדן-צעפּ צעצוואָגן,
און די צעפּ פֿאַרלאָרן
אין דעם צווײַט פֿון שניי.
ניט אין ווײַט געבאָרן
ווערן קלאַנגען, טרוימען,
ס׳צערינט זיך עמיצס פֿיבער,
שווערער וויי, ווי בלײַ,
און מיר דוכט, אַז פֿאָרן
כ׳קלײַב אַצינד אַהיים זיך,
מיט נאָענטע און ליבע
זעען זיך אָפּסנײַ.
עס קומען אָן מיט שקיע
האָפֿענונגען זיסע.
הינטער פֿענצטער גייען
צאַרטע רויכן אויס.
און אין האַרץ אַ בלינג
און אַזאַ מין פֿרישקײַט
אין די בליקן שמייכלען
פֿריידיק צו דער ווײַס.

ס׳האָט אַף אַלע ברייטן
זיך צעלײַכט דער ווינטער,
איבער אַלע וועגן
בליט אונדזער שײַן.
און עס קומט אַ פֿרייד אָן
אין דער שטילער שיינקײַט
און ס׳צעגייען רעגעס
פֿון אומרו און פֿון פּײַן.
אין אַ צאַרטער ווײַסקײַט
טוט די ווײַט זיך אָנעט,
הינטער פֿענצטער פֿאַלן
שנייען לויטער-ווײַס.
און אַף קאַרשן-צווײַגן
איז אַ שטילער יאַנטעוו,
ווי ס׳וואָלטן ווײַסע שטראַלן
זיי אַרומגעקרײַזט.
ווילט זיך מיר—אין סוידעס
זאָלן מײַסעס וויעגן,
אין שטילע קלאַנגען בלויע
אָן דעם רויש פֿון וואָרט.
עס קלעפּן זיך די אויגן,
איך ווער אַנטשלאָפֿן
און איך זע אין כאָלעם
מײַן באַקאַנטן דאָרף.

II

А было-ж яно было
ды сплыло з вадою...
(פֿון אַ ווייסרוסישער פֿאָלק-ליד).

ס׳האָבן זיך צעשייט דרײַ וועגן
אונטער באַרג צום פֿעלד צו;
איז דורך וועלכן וועג
דאָס גליק?

און דורך וועלכן קומט דאָס אומגליק,
און וועלכער וועג וועט פֿירן מיך
איך זאָל אין ווײַטן קומען?
ניט קאַלינע א באַרוטע

שטייט באַם ברעג פֿון טײַך געבויגן—
ס'וויינט אין מיטן פֿעלד אַ מוטער
און פֿאַרשעלט איר גורל.
ס'וויינט אין מיטן פֿעלד אַ מוטער,
און זי ברעכט די פֿינגער.
עך, ווען כ'קען מיט מײַנע בלוטן,
מאַכן אירע ווייען גרינגער!
די בליקן אַפֿן פּאָזשנע ווענדסט
אין הויך מיט לעצטע גרוסן,—
פֿליען אָפּ אין ווײַטן גענדז
פֿון נאָענטער ווײַסרוסלאַנד.
נו פֿאַרבלײַב זשע
מײַן געטרײַע,
זײַ געזונט, מײַן מוטער,

נאָר ניט זאָרג זיך. איך וועל לעבן
און אין פֿעלד פֿאַר ווינטן פֿרײַע
ניט דערצייל און ניט באַקלאָג זיך.

ווען קומען וועלן פֿונדערווײַטן
גענדז—די געסט פֿון זומער,
וועל איך פֿון מײַן שווערן וואָגל,
דענסטמאָל מיט זיי קומען.
און דערווײַלע
זײַ געזונט מיר.
שליאַך צו וועלט איז גרויס און ברייט,
און ס'האָט דער מוטערס בליק, דער קלאָרער
מיך באַגלייט.

לאַנד פֿון לעגענדעס,—
מאַציירועס און קורגאַנעס
לאַנד פֿון לײַד,
פֿון קרענעצעס—קלאָרע קרישטאָלן,
לאַנד, וווּ ברייט
שפּרייטן זיך גרויע טומאַנען,
לאַנד פֿון פֿעלדער—
פֿון רוישיקע, גאָלדענע טאָלן,
לאַנד, פֿון בלאָטעס,
פֿון סאַזשלקעס, נידערס,
לאַנד פֿון וועלדער,
פֿון סאָסנעס וואָס קוקן פֿאַרשטומט;
לאַנד פֿון לידער.
מיט מײַסעס פֿון אַלטקײַט פֿון טיפֿער,
ווײַסרוסלאַנד נאָענטע, ליבע!
איבער ברייטע שליאַכן,
זײַנען טעג אַדורך,
זײַנען דורך באַגינענס פֿלאַמיק-פֿרײַע.
און עס שלאָגט אַ פֿרייד זיך
אין דער קלאָרער ראַכוועס.
וועגן זיך צעלויכטן,
אין אַ העלן פֿײַער.
צען יאָר פֿון אײַנגעשפּאַרטע שלאַכטן,
צען יאָר פֿון שלאַכטן און פֿון זיג.
נאָר שאָטנס -וויינען אין פֿאַרנאַכטן
אונטער ווינטן אײַנגעוויגט.

III

צײַט פֿון בוי, פֿון אָנגעשטרענגטער שאַפֿונג.
מיט מי פֿאַרברידערט זײַנען מולערס הענט,
און ס'הייבן זיך דעם הימל אומצוואַרפֿן
שטיינערנע און שטאָלצע ווענט.
גוט מאָרגן, ראַכוועסן, פֿאַרשאָטענע מיט זילבער,
גוט מאָרגן, הויפּט-שטאָט ליכטיקע און פֿרײַע,
באַלד וועלן אין אָוונטן, אין שטילע
זיך צעלויכטן אַף די גאַסן דאָ טראַמווײַען.
דאַן וועל איך אונטערן באַרג, וואָס שטייט
באַגרויט,
אַוועקטראָגן מײַן טרויער און ס'וועט ווערן גרינגער,
און הערן כ'וועל דאָס ליד פֿון אָסינבוי,
דאָס ליד פֿון מעכטיקע טורבינען.
לאַנד פֿון לעגענדעס,
מיט מײַסעס פֿון אַלטקײַט, פֿון טיפֿער,
לאַנד פֿון לידער,
פֿון קרענעצעס—קלאָרע קרישטאָלן.
לאַנד פֿון בלאָטעס,
פֿון סאַזשלקעס, טאָלן.
לאַנד פֿון וועלדער,
פֿון ברויז און פֿון אויפֿשטאַנד.
לאַנד פֿון נידערס,
פֿון ראַכוועסן ווײַטע, וואָס גרינען.
אָ, לאַנד!
ווען וועסטו ווערן
דאָס לאַנד פֿון פֿאַבריקן, פֿון רויך און מאַשינען?

* * *

ס׳גייען דורך יאָרן,
מיר קעמפן, מיר שטרייטן.
גרונטשטיינער צען פאַרלייגט שוין.
און ס׳מורמלט דער נעמאַן,
און ס׳רעוועט דער נעמאַן
און וויגט זיך, און ברעכט זיך, און בייגט זיך
עס הערט זיך דער שוידער,
באַהאַלטענע טײַנעס
פון פײַנען, פון האַס און פון סינע.
אין בלוטיקע ווייען
שרײַבט עמיצס האַנט,
גרויסע, בלוטיקע דינים.
יאָרן נאָך יאָרן
גייען אָן אופהער;
פון זיי ווערן פעלזן אַפילע צעשפליטערט.
אין ראַנגל פאַרקרעפטיקט זיך
מונטערער גײַסט,
וואָלקנס שוין זאַמלען זיך ווידער!
העי, יונגע אָדלערס,
צעפלאַטערט די פליגלען,
גרייט זיך צום בלוטיקן וואָפן!
געשמידט זײַנען הענט,
כאָטש עס קלינגען די שטאָלענע רינגען,
נאָר הערצער ווער קען עס פאַרשקלאַפן?!
שטאַרקער דעם גלויבן,
ס׳ועט קומען אַ רעגע.
באַגעגנט די רעגע מיט פײַער,
אין ווי פון געראַנגל,
וועט ווײַזן אַ טאָג זיך,
אַ ליכטיקער טאָג פאַרן מײַרעוו.
איז איינער געשטאָרבן,
פאַרבײַטן אים טויזנטער,
ס׳ועט ניט פוסט בלײַבן
מונטערע וועגן.
אונטערן פאָן,
אונטער העלער און ברויזיקער,
ק. פ. מ. ו.
גייט זשע די זיגן אַנקעגן!
ס׳גייען דורך יאָרן,
מיר קעמפן, מיר שטרײַטן,
גרונטשטיינער צען פאַרלייגט שוין.
און ס׳מורמלט דער נעמאַן,
און ס׳רעוועט דער נעמאַן,
און וויגט זיך, און ברעכט זיך און בייגט זיך.

פון ווײַסרוסיש מ. ליפשיק.

### פ. סיטאַ.

# „פון קינדערהויז נומער 40“.

א פריינט און לערערקע ראָשל שרייער געווידמעט.

## איינער און אלע.

אָט אַזוי איז עס שוין איינגעפירט, אַז נאָך דעם שנייִקן, פראָסטיקן ווינטער, גייט זוניקער פרילינג, דערנאָך רייפער זומער, דערנאָך געלער האַרבסט, ווידער ווינטער און אַוועק אַ יאָר.

די ווענט זיינען אויסגעקאַלכט.

די ווענטריידן:

„איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם“.

איינער: —

אַ מיטלוווקסיקער מיט רונדע באַקן און גרויע פאַרדייגעטע אויגן.

אַלע: —

צאַפלדיקע,

מאָנענדיקע,

טרוימענדיקע.

אַוועק אַ יאָר. יעדערער האָט שוין אַ בעטל מיט אַ ליילעך, מיט אַ קישן און קאָלדרע, נאָר קיינער האָט נאָך קיין באַגריף ניט פונם לעבן.

העפקער.

העפקער ציבעלע.

דער איינער — דער מיטלוווקסיקער לערער ייסראָעל מיט די גרויע פאַרדייגעטע אויגן, לויפט אום, שפרינגט, קריגט זיך, זידלט זיך, עסט זיך אַליין אויס דאָס האַרץ, עסט יענעם אויס דאָס האַרץ פאַר די אַלע.

און די אַלע, לויפן אויך אַרום, שפרינגען אויך אַרום... נאָר קיינער פון זיי דייגעט ניט פאַר אים, פאַר דעם איינעם, וואָס פליט אַ גאַנצן טאָג אַרום ווי אַ מעשוגענער איבער דער שטאָט, פון איין אַנשטאַלט צום צווייטן, פון „יידגעזקאָם“ אין „נאַראָבראַז“ און פונדאָרט נאָך האָלץ, נאָך הירזש, נאָך ברויט, נאָך שיך, נאָך ביכער, און אַלץ מיט אָרדערן אין די הענט, מיט שטיקלעך צעקנייטשטע פאַפיר, צוואַנציק מאָל געכאַסמעטע, פון אַלע זייטן מיט פאַרשיידענע דריידעלעך:

„דער כאַווער איז פון קינדערהויז נום. 40,

מע דאַרף זען אים אַרויסגעבן עפעס וואָס...“

דער איינער לויפט אַרום אַ גאַנצן טאָג, דער איינער שוועבט אַ גאַנצן טאָג אַרום, קלאַפט אָפ שוועלן, און אַמאָל פאַרנאַכט, ווען דער קאָפ זיינער באַפרייט זיך אביסל פונם לויפעניש, יאָגעניש, ניט פאַרשפעטיקן באקומען דאָס ביסל קוילן, דאָס ביסל גרויפן, זעצט ער זיך אַוועק בא זיין טיש און פאַרצייכנט אין זיין העפט:

23-טער דעקאַבר.

די קינדער הויבן אָן צוביסלעכווײַז אויסלעבן זייערע פֿאַרדאָרבענע גאַסיקע געוואָינ-הײַטן... דאָס לויפֿעניש, דאָס „באַזאָרגן“, דער הו-האַ נעמט צו די מעגלעכקײַט צו אַרבעטן אַביסל מיט זיי...

נעכטן געהאַט אַן אָרדנטלעכן קאָנפֿליקט מיט ס. פֿון „יידגעזקאָם“...

5-טער יאַנוואַר.

הײַנט אינאָונט איז פֿונם בופֿעט פֿאַרשוווּנדן געוואָרן צוויי פֿאָרציעס פֿלייש... איצט איז שוין 11 אַזייגער אינאָונט און קיינער האָט זיך נאָך ניט מודיע געווען... איך בין דאָ כּוישעך געווען בערלען, גערען מיט פֿייוולען...

20-טער יאַנוואַר.

היינט אינאָונט איז בערטע אַריינגעגאַנגען אין יינגלשן שלאָפֿצימער, גערע האָט בעשאַס מײַסע געמאַכט אַ צאַצקע, אַ בעטעלע.

בערטע:

— פֿאַר וועמען מאַכסטו דאָס בעטל, גערע?

גערע:

— אויב דו וועסט מיט מיר שלאָפֿן, וועט עס זײַן פֿאַר דיר...

מאָרגן מוז מען רעאַגירן אַף דעם!

21-טער יאַנוואַר.

געווען די אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג, געווידמעט דער פֿראַגע „גערע-בערטע“.

גערע—פּסיכאָפּאַטאָלאָגישער טיפּ, האָט געמאַכט בערטען אַ פֿאָרשלאַג „צו טיילן מיט אים די בעט...“ די פֿאַרזאַמלונג איז געווען אַן ערנסטע, אַן אָנגעשטרענגטע. די קינדער האָבן אָפֿן דערציילט וועגן אַלץ, וואָס זיי ווייסן.

יאָ, די קינדער ווייסן שוין פֿון אַסאַך „זאַכן“, וואָס זיי וואָלטן נאָך ניט געדאַרפֿט וויסן...

17-טער פֿעוורואַל.

פֿון נעכטן אָן קאָן איך זיך נאָך אַלץ ניט באַרויִקן׳ לעוומאַן וואָלט דערבײַ געדאַרפֿט זיין, ניט ראָכל. אויב איך וועל אויסהאַלטן פֿון ביילקען מיט איר מאַמען, וועל איך זיין שטאַרקער פֿון אייזן... אַלע קינדער האָט זי היינט אופֿגערודערט:

— ווידער הירזשענער סופּ מיט הרעטשענער קאַשע און ווידער הרעטשענע קאַשע מיט הירזשענעם סופּ! מומע ראָכל, ווען וועט מען שוין עפּעס אַנדערש געבן עסן?

און אַף ראָכלס גליק דאַרף זיך נאָך טרעפֿן אַ וואָרעם אין סופּ... האָט זיך ביילקע פֿאַרקרימט און מיט איר מינע אַלע קינדער אָנגעשטעקט, און זיי האָבן זיך אַלע אָפּגעזאָגט צו עסן מיטיק איבערן וואָרעם...

ראָכלס האַרץ, מיט איר קראַנק האַרץ דאַרף זי בײַשטיין די ביילקעס... ראָכל האָט זיך נעכטן געקלאָגט פֿאַר מיר מאַמעש מיט טרערן אין די אויגן:

— ייִסראָעל, דו באַציסט זיך עפּעס זייער קאַלט צו די געשעעניש, וואָס קומען פֿאָר אין קינדערהויז. צי ווייסטו וואָס עס האָט זיך היינט באַטאָג געטאָן? ביילקעס מאַמע, די שנאָרערן, האָט געבראַכט דער טאָכטער אַ פּאָר פּלעצלעך, האָבן עס אַלע קינדער דערזען און גענומען בעטן בא איר:

— מומע׳ גיט מיר אויך עפּעס!...

מער האָט מען שוין ניט געדאַרפֿט! די בעטלערן האָט אַרויסגעשלעפּט שטיקלעך אויס-בעשנאָרעטע בולקע און ברויט און אַלעמען צעטיילט...

יאָ, עטי קאַנאָפּלער האָט מיך שוין אַפֿילע געפֿרעגט:

— לערער ייִסראָעל, פֿאַרוואָס לאָזט מען אַריין די בעטלערקע צו אונדז אין קינדערהויז?

3-טער מאַרץ.

היינט ווידער אַמאָל געווען לעוומאַן. ער האָט אַ קוק געטאָן אַף די יינגלשע בעטלעך און זיך פאַרקרימט:

— שמוציקלעך אַביסל... פאַרוואָס זיינען באַ די מיידלעך די בעטלעך גוט צוגעבעט, ריין און פיין, און באַ די יינגלעך—שמוציק?

ער איז צוגעגאַנגען צו גערען און אים אַ קניפ געטאָן פאַר די באַקן:

— נו, גערע, בענקסט שוין ניט צוריק אַף דער גאַס? ווי איז דיר אין קינדערהויז בעסער, צי ניט?

— יאָ, בעסער!...—גערע האָט אופגעהויבן אַ פוס—נאַט גיט אַ קוק, די פאדעשוועס בעטן שוין עסן...

— נו, און דיר איז בעסער אין קינדערהויז?—האָט ער ביילקען אויך אַ קניפ געטאָן פאַר די באַקן (אַ טעווע פון אַ מענטשן!).

— אַי, קנייפט זיך ניט אַזוי... יאָ, פיין בעסער, אַז מע דאַרף עסן ווערים...

— וואָ-אָ-ס? און באַ דיין מאַמען האָסטו בעסערס געגעסן?...

18-טער מאַרץ.

ראָכל איז אַבסאָלוט קראַנק געוואָרן פונם קינדערהויז... די מייסע מיט גערען דאַרף מען אויספאָרשן. ווי נעמט עס אַ יינגל און שיידט זיך אָפ אַף אַ גאַנצער נאַכט פונם קינדער-הויז? ער זאָגט, אַז ער האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט, איז ער דעריבער געבליבן נעכטיקן אַפן וואָקזאַל. אַ פאַרדאָרבן קינד—גערע... מיסטאָמע כאַווערט ער זיך נאָך מיט זיינע אַמאָליקע גוטע ברידער, די גאַסן-יינגלעך... און שלעפט מיסטאָמע אויך אינדערשטיל...

6-טער מאַי.

עס גייען אום קלאַנגען, אַז מע וועט די קינדערהייזער שיקן אַף דאַטשע.

אַלעוואַי! ס'וואָלט גאָרניט געשאַדט די קינדער. זיצן דאָך אַלע אַ גאַנצן טאָג אין שטוב, אין אָט דעם נאַסן, ענגן קעסטל. וואָרעם דער הויף געהערט דאָך ניט דעם קינדערהויז אַליין. די שכיינים קלאָגן זיך שוין:

— הערט! איירע קינדער האָבן אויסגעקלערט עפעס אַ מאָדנע מעשוגענע שפיל „לאפטא" און שוין קימאַט אַלע שויבן אויסגעזעצט... טאָמער וועט איר זיי ניט צונעמען פון הויף, רופן מיר מאָרגן מיליציע!...

די דאַטשע וואָלט אונדז זייער צוניץ געקומען. אַלע קינדער זיינען דאָך אַזוי אויסגעדאַרט, און זייענדיק דאָרט, וואָלט מען עפשער פון צייט צו צייט געקענט קויפן זיי אַ גלאָז מילך, צי אויבס...

ראָכל זעט אויס שרעקלעך. אויב מע וועט אונדז ניט געבן קיין דאַטשע, וועל איך מוזן צונויפקלייבן די לעצטע פאָר קאָפּיקעס און זי ערגעץ אַוועקשיקן זיך היילן...

20-טער מאַי.

אוראַ! מיר פאָרן אַף דאַטשע!

6-טער יול.

כ'האָב היינט געפרווט דערקלערן די קינדער איינזיקע נאַטור-דערשיינונגען, „פויגל-באַפרוכטונג". טעמפע כעוורע, נאָך גאָסיקע געדאַנקען...

9-טער דעקאַבר.

נעכטן געפירט די קינדער אין אַ קונסט-אויסשטעלונג. דערזען דאָרט אַ נאַקעטע פרוי פון בראָנזע אויסגעגאָסן, האָבן זיך די מיידלעך פאַרשעמט... און די יינגלעך האָבן געוווּנקען איינער צום אַנדערן...

— — — — — — — — — — —

איינער:

— אַ מיטלוווקסיקער, מיט רונדע באַקן און גרויע פאַרדייגעטע אויגן.

אַלע:
צאַפּלדיקע,
מאָנענדיקע,

דער איינער לויפֿט אַ גאַנצן טאָג אַרום, שפּרינגט אַ גאַנצן טאָג אַרום, עסט זיך אַליין אויס דאָס האַרץ, עסט יענעם אויס דאָס האַרץ, פֿאַר זיי, פֿאַר די אַלע. און אַמאָל, פֿאַר־נאַכט, ווען דער קאָפּ זײַנער ווערט פֿרײַ פֿונם לויפֿעניש, פֿונם הו־האָ, זעצט ער זיך שפּעט אינאָװנט אַוועק בײַ זײַן טיש, בלעטערט דורך דאָס העפֿט, לייענט עס דורך און פֿאַרצייכנט:

— „געגנוג צו פֿירן אַ טאָג־בוך. אַ ווערטער־באַנאַזש און ניט מער... הײַנט האָב איך געריעדט מיט די קינדער וועגן געשלעכט־באַציִונגען...“

---

אָט אַזוי איז עס שוין אײַנגעפֿירט, אַז נאָך ווינטער גייט זוניקער פֿרילינג, דערנאָך רײַפֿער זומער, געלער האַרבסט און ווידער שנייִקער, פֿראָסטיקער ווינטער, און ווידער אַוועק אַ יאָר...

## בוקעט האָט כאַסענע פֿאַר דאַמקען.

... בוקעט איז אַ יונגער, אַ בלאָנדער מיט צוויי בלאָע אויגן און צוויי ווײַסע און ווייכע אויערן ווי וואַטע. דאַמקע איז אויך אַ יונגע, אַ שוואַרצע, מיט צוויי גרויע ליבלעכע אויגעלעך, אַ קוטשעראַווער קאָפּ האָר מיט פֿיל דינע לאָקאָנעס.

באַגעגנט האָבן זיי זיך גאָר צופֿעליק: בוקעט האָט איינמאָל שפּאַצירט איבער דער גאַס, אַזוי רויִק געגאַנגען איבערן טראָטואַר, געקוקט מיט זײַנע צוויי בלאָע אויגן אַף דרערד און געפֿאָכעט מיט זײַנע ווײַסע און ווייכע אויערן ווי וואַטע. האָט ער אַף אַ צווייטער זײַט דערזען דאַמקען: זי איז געשטאַנען אין אַן ערנסטער פּאָזע און געקוקט אָפֿן לויפֿנדיקן טראַמוויַי... האָט איר בוקעט אַ ווונק געטאָן:

— קום נאָר אַהער נאַכעסל...

איז דאַמקע באַלד אַריבערגעלאָפֿן צו אים. דאַן האָבן זיי ביידע אָפּגערעדט וועגן דער קומענדיקער באַגעגעניש און זײַנען זיך צעגאַנגען, ווײַל ס'האָט זיי ניט געפּאַסט אינמיטן וועג זיך דערקלערן אין ליבע... און דערנאָך האָבן זיי שוין ביידע אָפֿטער זיך אָנגעהויבן באַגעגענען, שושקען זיך, קושן זיך און טאָן אַלץ, וואָס עס פּאַסט פֿאַר כאָסן־קאַלע און אַזוי אַרום כאַסענע געהאַט.

פֿאַר דער כאַסענע האָט דאמקע, ווי געוויינטלעך, געלעקט בוקעטן זײַנע ווײַסע און ווייכע אויערן, געשטופּט איר קודלאַטע קאָפּ צו אים אין האַלדז אַרײַן, (הינטישע כיינדע־לעך!) געדרייט איר שלאַנק קערפּערל, איר גרויסן און ווייכן ווידל און געכיינדלט זיך צו אים מיט אַ ווייך צעצויגן קאָל:

— אַך, בוקעטיקל, פֿאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז ליבע איז ניט קיין בולבעס...

זייער כאַסענע האָבן זיי אין ערגעץ ניט רעגיסטרירט, ניט אין „זאַגס“ און ניט באַם ראָוו.

אין „זאַגס“ האָבן זיי ניט רעגיסטרירט זיך דערפֿאַר, ווײַל זיי קאָנען ניט לײַדן דעם ביוראָקראַטישן צוגאַנג צו אַ יונג פּאָר פֿאָלק (אַזוי האָבן וועגן דעם מענטשן דערציילט), ווי, לעמאָשל, פֿאַרגעבן כאָסן־קאַלע אַזעלכע פֿראַגן (יעדערן באַזונדער):

— ווער איז, יונגערמאַן, ביטע, געווען אײַער טאַטע?

— און ווער איז בירגערן, — אײַך מיינט מען, — געווען אײַער מאַמע? (זייער באָבעס אייסעק!).

— צי האָט איר, אַנטשולדיקט מיר פֿאַר דער באַשיידענער פֿראַגע, ביידע געפּאָקט און געמאָזלט, און אויב ניט, טאָ פֿאַרוואָס?

— דערמאָנט זיך, ליבער יונגערמאַן, וואָס האָט איר געטאָן ביזן 17-טן יאָר, נאָכן 17-טן יאָר און וואָס רעכנט איר ווייטער צו טאָן?

— צי האָט כאָלילע ניט די קאַלע,—אַנטשולדיקט מיר פאַר די גראָבע רייד,—קיין ווע-נערישע קרענק... (פו, ס'אַראַ מיעסקייט!) און צי האָט עס כאָלילע ניט אויך דער כאָסן?

אָדער גאָר אַזאַ קלאָץ-קאַשע:

— אויב ניט, טאָ פאַרוואָס? און אויב יאָ, טאָ פאַרוואָס ניט?

פאַרוואָס? פאַרווען?—אַז גיי צעעפן זיי דאָס האַרץ פאַר די כוצפעניקעס, ס'איז ווייער אייסעק!

און באָם ראָוו האָבן זיי אויך ניט געשטעלט זייער כופע, דערפאַר, ווייל זיי האָבן שוין אַזויפיל אָנגעזען די מעשוגענע צערעמאָניע פון אַרומדרייען זיך אונטער פיר שטעקנס מיט אַ שמאַטע איבערגעדעקט, ברעכן גלעזער, אַז עס איז זיי שוין פאָשעט געוואָרן עקלהאַפט פון דעם.

דעריבער האָבן זיי גלייכער געטאָן: פאָשעט זיך צונויפגערעדט, ביידע מאַסקים געווען, ביידע זיך געשוואָרן איינער דעם אַנדערן זיין טריי און ערלעך ביזן גראָען צאָפ, און באַסטאַ!

אָבער איין זאַך דאַרף מען באַמערקן, אַז נאָך דער ערשטער גליקלעכער נאַכט, האָבן זיך צווישן יונגן פאָרפאָלק אָנגעהויבן מאַכלויקעסן. ניט ווייל דער שטייגער איז היינט אַזאַ, ניין, דאַווקע איבער אַן אַנדער זאַך: איינינקע כעוורע פון „קינדערהויז נומער 40.” האָבן די גאַנצע צייט נאָכגעקוקט נאָך זיי, און בוקעט מיט דאַמקען האָבן אַפילע ווען דעם ניט געוווסט.

דאָס יונגע פאָרפאָלק האָט געוואָלט, אַז קיינער זאָל ניט וויסן פון זייער כאַסענע, האָבן אָבער די כעוורע פון קינדערהויז נאָך איידער וואָס-ווען שוין צעטראָגן מיעסע קלאַנגען און רעכילעס ווען דעם. און דערפאַר האָבן זיך עס טאַקע אָנגעהויבן צווישן פאָר-פאָלק די מאַכלויקעסן.

בוקעט האָט געזידלט דאַמקען, האַלעמיי זי האָט זיך צו פריי געהאַלטן, ניט אַזוי ווי עס דאַרף זיך האַלטן אַ היינטצייטיקע יונגע פרוי, צופיל געדרייט מיטן וויידל און האָט מיט אירע מיעסע כיינדלעך שוין צופיל אַלעמען אַרויסגעגעבן זייער ביידעמענס סאָד... און דאַמקע האָט פאָרגעוואָרפן בוקעטן, אַז ער איז נאָך אַ נאַרישער יינגל: צופיל פּאָכעט ער מיט זיינע ווייסע אויערן (מיסטאָמע ווינקט ער צו אַנדערע אויך) און ביכלאַל,—האָט זי צוגעגעבן,— אַז אויב מע איז נאָך אַ שקאָץ, דאַרף מען זיך אַביסל אָפּהאַלטן מיט דער כאַסענע. מע דאַרף זיך פריער אויסלערנען פירן ווי עס באַדאַרף צו זיין און דערנאָך זיך ערשט פאַרבינדן מיט אַ פרוי...

די קינדער, וואָס האָבן נאָכגעקוקט נאָך דער כאַסענע (צווישן זיי אויך בערל), האָבן איינמאָל אַרומגערינגלט דעם לערער ייסראָעל און אים געפרעגט:

— לערער ייסראָעל, הינט האָבן אויך כאַסענע?

דער לערער ייסראָעל האָט אַרייַנגערוקט ביידע הענט אין די קעשענעס און געקוקט אַף אַלעמען מיט אַ קרום כיינדעלע.

— לערער ייסראָעל, זאָגט!...

לערער ייסראָעל האָט אָפּגעווישט מיט אַ טיכעלע דאָס רעכטע אויג, וואָס האָט בא אים אַביסל געטרערט, אַ דריי געטאָן מיט די רונדע קינבאַקן און זיך דריבנע צעלאַכט:

— נאַראָנים... וואָס זשע, הינט קענען ניט כאַסענע האָבן?...

... און פאַרנאַכט איז לערער ייסראָעל געזעסן ביז שפעט איבער עטלעכע ביכער און אַלץ געטראַכט ווען דעם, ווי אַזוי זאָל ער עס בעסער דערקלערן די קינדער. ער האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט זיי דערקלערן אַזוי:

— קינדער, אײַך איז מיסטאָמע אַמאָל אויסגעקומען צו זײַן אין אַ גאָרטן אָדער אין אַ פֿעלד, עמעס? האָט איר דאָך אַף געוויס דאָרט געזען בלומען. אָבער ווי אַזוי לעבן זיי די בלומען—האָט איר זיך ניט אינטערעסירט. ריכטיק? איז אָט, קינדער, צי ווייסט איר, אַז בלומען פֿירן אויך אַ באַזונדער לעבן: עסן, טרינקען, און פרוכפערן זיך אַפֿילע... ניין. „פֿרוכפערן זיך“—ווערט ער זיי ניט זאָגן, ווײַל באַלד ווערט דאָך מיסטאָמע עמיצער אַ פֿרעג טאָן:—„לערער ייסראָעל, וואָס הייסט פֿרוכפערן?“... ער ווערט זיך בעסער אַנדערש אויסדריקן, ווײַל ער האָט שוין עטלעכע מאָל באַמערקט, אַז כעוורע אינטערעסירן זיך מיט דער פֿראַגע. די מיידלעך האָבן זיך אים געקלאָגט, אַז בערל קוקט אָפּט אַרײַן צו זיי אין שלאָפֿצימער פונקט דעמלט, ווען מע טאָר ניט אַרײַנקוקן...

אָט ניט לאַנג איז געווען אַזאַ פֿאַל: ביילקע איז עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד ניט אַרויסגעגאַנגען פֿון שלאָפֿצימער, האָבן די יינגלעך געשפּאָט פֿון איר:

— אַ קראַנקע, און האָט ניט קײַן טעמפּעראַטור...

און בערל האָט די גאַנצע צײַט נאָכגעקוקט, ווי די מומע ראָכל האָט ביילקען יעדן טאָג אַ טאַז מיט וואַסער אַרײַנגעטראָגן. בערל האָט זיך געוווערטלט:

— כעוורע, ביילקע האָט עפּעס אַ מאָדנע קרענק... האָט ניט קײַן טעמפּעראַטור און ליגט אין בעט... די מומע ראָכל שושקעט זיך מיט ביילקען, טראָגט איר אַ טאַז מיט וואַסער. צוליב וואָס דאַרף אַ מיידל אַ טאַז? כי... כי...

די פֿראַגע, וואָס די קינדער האָבן אים געשטעלט, האָט זייער געעקבערט דעם לערער ייסראָעלס מויעך. ער האָט געפּרוּווט אופּמישן נאָך אַ ביכל, עפּשער זיי דערקלערן אַפֿן בײַשפּיל מיט פֿיש, אַרויספֿירן זיי צום טײַכל און באַווײַזן:

—קינדער, איר זעט: אָט די קליינע פֿישעלעך, פלאָטקעלעך, וואָס שווימען דאָ אַרום גאַנצע סטאַיעסווײַז, פֿאַרמערן זיך זייער גיך. יעדער פֿישעלע וואַרפֿט אַרויס פֿון זיך אַ קליין שטיקעלע רויג...

דער אַלטער אָקאַציע-בוים האָט פֿאַרבויגן זײַנע צווײַגן צום לערער ייסראָעל אין פֿענצטער אַרײַן. ער איז געזעסן ביז שפּעטער נאַכט. דאָס רעכטע אויג, וואָס טרערט בײַ אים שטענדיק, האָט אָנגעהויבן זיך קלעפּן און אים געשטערט אַרבעטן.

האַלבע נאַכט האָט זיך אופֿגעכאַפּט די פֿרוי זײַנע, מומע ראָכל:

— ייסראָעל,—האָט זי מיט אַ שלעפֿעריקן און בייזן טאָן געזאָגט,—ביזוואַנען איז דער שיר צו זיצן? דו פֿאַטערסט זיך דאָך אינגאַנצן אוועק בײַ אַזאַ אַרבעט!...

...אַף מאָרגן אינדערפֿרי האָט לערער ייסראָעל געהאַט גרויסע יעסורים:

ביילקע האָט אים דערציילט, אַז הײַנטיקע נאַכט איז בערל אַרײַן צו זיי אין שלאָפֿצימער און זיי אָנגעהויבן קושן... זי האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַז דאָס האַרץ איז בײַ איר שיר ניט אַרויסגעפֿאַלן...

די פֿרוי זײַנע, ראָכל, האָט געקוקט אַפֿן לערער ייסראָעל מיט ברענענדיקע אויגן:

— ייסראָעל, דערמאָן זיך, האָב איך דיר דען באַם אָנהויב, ווען דו האָסט אים נאָר גענומען פֿון איזאָליאַטאָר, ניט געזאָגט, אַז לאָמיר בערלען אָפּשיקן צוריק. ער פּאַסט זיך לאַכלוטן ניט צו צו אונדזער קאָלעקטיוו... און דו—דײַנס: נישקאָשע, ראָכל, מירן אים איבערדערציִען... איז אָט האָסטו דײַן דערציִונג!...

דער לערער ייסראָעל האָט איר אַף דעם זייער נערוועז אָפּגעענטפֿערט:

— אַי, ראָכל, הער שוין אוף!... פֿאַרוואָס פּאַסט ער זיך ניט צו, ווייסטו?—דערפֿאַר, ווײַל די גאַס, די שמוציקע, פֿאַרדאָרבענע גאַס האַלט אים נאָך אין אירע נעגל... און מע דאַרף אים קאָנען אַרויסרײַסן פֿון דער גאַס. דאָס איז אונדזער כויוו, ראָכל, יאָ!...

ביילקע האָט נאָך דער געשעעניש מיט בערלען אַרײַנגעוואָרפֿן צום לערער ייִסראָעל אין צימער אַן אַנאָנים צעטעלע:

„לערער ייִסראָעל, מע דאַרף וועגן בערלען באַהאַנדלען די פֿראַגע אַף אַן אַלגעמיי-נער פֿאַרזאַמלונג פֿון אַלע קינדער".

אונטערגעשריבן: „אַ גרופּע מיידלעך".

— — — — — — — — — — —

...בוקעט און דאַמקע האָבן אָבער זייער ליבע ניט איבערגעריסן. די כקירעס צווישן זיי זײַנען אַוועק, און דאָס פֿאָרפֿאָלק האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אָפּטער באַגעגענען, שוש-קען זיך, קושן זיך, און טאָן אַלץ, וואָס עס פּאַסט פֿאַר כאָסן-קאַלע.

און ווי קאָן דען אַנדערש זײַן? אַ כאָסן-קאַלע דאַרף זיך ליב האָבן. אַניט, וואָס איז עס פֿאַר אַ לעבן? דאַן איז שוין בעסער זיך געטן און באַסטאַ!...

## אורא! „אַראַ"!

### א

איירנעכטן באַטאָג קומט צוגיין אין קינדערהויז עפּעס איינער פֿון „אַראַ", שמעקט מיט זײַן לאַנגער נאָז, דרייט מיט זיינע ביינערדיקע ברילן, און ס'איז קאָנטיק, אַז דער אַמעריקאַנער איז ניט צופֿרידן מיט עפּעס.

האָט אים דער לערער ייִסראָעל געפֿרעגט:

— וואָס, איר האָט זיך דאָ אָנגעשטויסן אַף עפּעס אַזוינס?

— ניין,—מאַכט דער אַמעריקאַנער,—איר פֿאַרשטייט, אַף וויפֿל „אַראַ" סובסידירט אײַך מיט פֿאַרשיידענע פּראָדוקטן, וואָלט איר באַדאַרפֿט אין קינדערהויז צעהענגען אַזוינע קליי-נינקע פֿלוג-בלעטלעך.

און דער לערער ייִסראָעל לייענט אַזאַ בלעטל:

„אראַ"! „אראַ"!! „אראַ"!!!

„אראַ" איז די בעסטע געזעלשאַפט!

קינדער!

אַט די גוטע און זיסע קאָנדענסירטע מילך מיט די געשמאַקע גאַלעטן, וואָס איר עסט אַזוי אַלע מיט גרויס פֿאַרגעניגן—גיט אײַך די אמעריקאַנישע ליבעראַלע געזעלשאַפט—

„א ר אַ".

„אראַ" איז די בעסטע געזעלשאַפט!

„אראַ"! „אראַ"!! „אראַ"!!!

פֿאַרשטייט זיך, אַז מע האָט אַזעלכע פֿלוג-בלעטלעך ניט אופֿגעהאַנגען. די מילך איז טאַקע שטאַרק זיס, די גאַלעטן אויך ניט שלעכט, אָבער מיר קאָנען באַשטיין, אַז מיר זאָלן טאַקע טרינקען די זיסע קאָנדענסירטע מילך און פֿאַרבײַסן מיט געשמאַקע גאַלעטן אָן פֿלוג-בלעטלעך...

דעם „אַראַ" האָט מען אָבער נאָכדעם, ווי ער איז אַוועקגעגאַנגען, גענומען אַזוי אַפּן „אוראַ", אַז דער אַמעריקאַנער איז שוין, דאַכט זיך, מער ניט געקומען אין קינדערהויז...

יאָ, אויב איר האָט טאַקע אין יענע יאָרן ניט פֿאַרזוכט די אַמעריקאַנער קאָנדענסירטע מילך מיט די זיסע גאַלעטן,—מעג אײַך אַביסל באַנג טאָן. וואָרעם אין יענעם רעכטן הונגער איז טאַקע אַ גרויסע אַוולע, אויב איר האָט פֿון דעם ניט גענאָסן.

— עך צײַטעלעך, צײַטעלעך!...

בערל האָט די מילך געטרונקען ווי וואַסער און די גאַלעטן—ווי יאָדערן געקנאַקט. פּאַשעט גאַנצע זשמענעס...

די מומע ראָכל האָט געבראַכט פֿאַר כאַרפּע איבער בערלען, ווו מע פֿלעגט עס ניט פֿאַרשפּאַרן, האָט עס בערל דערטאַפּט, אָט אַ זשעדנער באָכער!...

אַגעוו האָט מיט אַ פּאָר כאַדאָשים צוריק דערזעלבער „אַראַ“ (דער לערער ייסראָעל זאָגט, אַז דער „יידגעזקאָם“) צוגעשיקט אַלעמען, באַזונדערס פֿאַר די יינגלעך שיינע קאָסטיומען, אַז ס'איז מאַמעש געווען אַ כיעס אַ קוק צו טאָן אַף דעם.

מאָדנע אַזוינע פּידזשאַקעס, עפּעס ניט אַזעלכע ווי מע טראָגט באַ אונדז, די ראַנדן זיינען באַ זייערע פּידזשאַקעס פֿאַרקיילעכיקטע, ווי באַ די גרעסטע אַרטיסטן. הייַנט די הויזן! קורצינקע,—ביז די קני. נאָר ברייטע אַזוינע, נאָך ברייטער פֿאַר פויערשע פּאַסטעכעס: גאַנצע צוויי מענטשן קאָנען אַהין אַריינקריכן. און דעריקער די קעשענעס: צוויי קעשענעס, ווי באַ געוויינטלעכע הויזן, דערנאָך איין שמאָליִנק קעשענקעלע פֿאַר אַ זייגערל און איין גרויסע קעשענע פֿונהינטן, וואָס פֿאַרשפּילעט זיך מיט אַ קנעפּל (באַ אונדז, זאָגן איינִיקע, אַז די אַמעריקאַנער טראָגן אין דידיִדאָזיקע קעשענעס רעוואָלווערן און אַנדערע זאָגן, אַז בלאָקנאָטן גאָר... נאָר ווער ווייסט זיי, ווער קאָן עס וויסן)...

און אַז כעוורע האָבן דאָס ערשטע מאָל אָנגעטאָן די נייַע קאָסטיומען: דעם פֿראַק מיט די קורצע הויזעלעך, געלע שיך מיט די שפּיציקע נעזער און די היטל „אַמעריקאַנקע“, האָבן די שכיינים זיך שוין נאָכגעפֿרעגט:

— Хіба це все Америка шле?

בערלען האָט דער נייַער קאָסטיום איִנגאַנצן צעטומלט, איין זאַך האָט אים נאָר געפֿעלט צו זיין אַן אַמעריקאַנער: אַ פּיפּקע. נאָר ס'מאַכט ניט, אַז מע האָט ניט קיין פּיפּקע—איז אַ מאַכאָרקע-ציגאַר אויך ניט שלעכט... מער ניט, וואָס דער לערער ייסראָעל טאָר ניט זען, אַז בערל רויכערט, וואָרעם, אַז ער זאָל עס דערזען, וואָלט שוין בערל פֿאַרזאָגט אַ צענטן... נאָר אַפֿדעריף איז ער דאָך בערל, אַז ער זאָל קאָנען געפֿינען אַן אויסוועג, רויכערט ער אָדער אין גאַס, אָדער אין אָפּטרעט, וואָס אין הויף...

יאָ, נאָר איר ווילט דאָך מיסטאָמע וויסן די מייַסע מיט די מילך?

הערט זשע:

אין איינעם אַ פֿרימאָרגן איז זיך בערל מעיאַשעוו, ציט צו אַ האַלב טוץ אַמעריקאַנער מילך-קעסטלעך און שלעפּט עס אַוועק אַפֿן מאַרק.

אַז אַלע קינדער האָבן זיך דערפֿון דערוווּסט, איז געוואָרן אַ טומל, אַ ראַש:

— אויסשליסן אים דערפֿאַר פֿון קינדערהויז!

— מיר דאַרפֿן ניט אַזעלכע אין אונדזער קאָלעקטיוו!

האַקלאַל, מע האָט באַשלאָסן איינאָרדענען איבער בערלען אַ געריכט (שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, אַגעוו), און קעדיי די געשעענישן זאָלן ניט פֿאַרקילט ווערן, האָט מען באַלד אויסגעטיילט אַ פֿאָרזיצער מיט אַ קאָמענדאַנט, אַ פּראָקוראָר (גערע) מיט אַ פֿאַרטיידיקער (ביילקע), מיט איידעס. נאָר איין קלייניקייט: דער שולדיקער אליין איז קראַנק געוואָרן (ביזע ציִנגער האָבן געזאָגט, אַז ער האָט זיך גאָר געמאַכט).

שפּעטער האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן, אַז בערל האָט די מילך ניט פֿאַרקויפֿט (אַף דער טאָלקוטשקע האָט אים קיינער ניט געגלויבט, אַז דאָס איז אַמעריקאַנער מילך), נאָר ער האָט פּאָשעט עטלעכע פּושקעס אַליין אויסגעטרונקען און דאָס איבעריקע אַרויסגעוואָרפֿן. (ווערסט עס דאָך ניט שלעפּן צוריק...).

נאָר דאָס איז נאָך גאָרניט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס פֿעלן אין קאַמער עטלעכע פּושקעס גאַלעטן.

ווער זשע האָט עס גענומען, מיינט איר?

— בערל!

איִר האָט איִם געכאַפּט באַ דער האַנט, וואָס איִר זאָגט בערל? ניין. מער ניִט. דיִ ייִנגלעך, וואָס שלאָפן מיִט איִם איִן איין ציִמער, האָבן געהערט, וויִ בערל האָט עפּעס פאָריִקע נאַכט נעכראָמטשעט מיִט דיִ ציין, און איִנדערפריִ, ווען ער האָט זיִך אָנגעטאָן, האָבן זיי באַמערקט ברעקלעך און קריִשקעס נאַלעטן אַף זײַן בעט...

— בערל איִז ניִט קײַן גאַנעוו,—האָט דער לערער ייִסראָעל געפּרוווט דערקלערן דיִ קיִנדער,—דאָס שלעפן דאָס איִז באַ איִם פּאָשעט אַזאַ קרענק, וואָס מע רופט זיִ אָן „קלעפּסאָמאַניע”. איִר פאַרשטייט? און ער קאָן זיִך נאָך פון דעם ניִט אָפּגעוואָינען. וואָס ער זאָל ניִט זען פאַר זײַנע אויגן, ציִ ער דאַרף עס יאָ, ציִ ער דאַרף עס ניִט—מוז ער עס צושלעפן. אָט אַזאַ קרענק איִז שוין באַ איִם... נאָר מע דאַרף איִם קענען אָפּגעוואָינען פון דער קרענק, פונקט אַזוי. וויִ מע האָט געדאַרפט קענען אָפּגעוואָינען איִציִקן פון נעצן זיִך... יענץ איִז שוין פּאָשעט מער פוילקײַט וויִ קרענק. מע האָט איִם פּאָשעט געדאַרפט יעדן באַנאַכט אופוועקן און איִם זאָגן:

— גיי זיִך, איִציִק, דורך וווהיִן מע דאַרף...

כעוורע האָבן אַרומגעריִנגלט דעם לערער ייִסראָעל, וואָס איִז געזעסן אַף אַ בענקל באַ דער טיִר, און זיִך צוגעהערט צו יעדן וואָרט זײַנעם. אייניִקע קיִנדער האָבן זיִך אויסגעזעצט אַרום איִם און פאַריִסן דיִ קעפּ צו זײַנע גראָע אויגן, וואָס זײַנען יעדער ווײַלע אַרומגעלאָפן איִן אַלע זײַטן: אָט איִן קאָריִדאָר—טאָמער שטייט דאָרט קײַן מיִסט ניִט איִן קײַן וויִנקעלע... אַף דיִ שויבן—טאָמער זײַנען זיי שוין פאַרשטויבט געוואָרן, אַף דער סטעליע—ציִ הענגט דאָרט קײַן שפּיִנוועבס ניִט...

און איִן ייִנגליִשן שלאָפציִמער איִז געשטאַנען גערע מיִט אַ נאַסער שמאַטע און געוואַשן דיִ דיִלן... (געווען דעזשורנער). בערל איִז געשטאַנען איִן דעמזעלבן ציִמער, האַרט לעבן דער טיִר און זיִך צוגעהערט צום לערער ייִסראָעלס שמועס. גערע איִז אַרונטערגעקראָכן אונטערן בעט און אַ שטורכע געטאָן בערלען איִן דער פוס.

— קער זיִך אָפּ, בערל!

— וויִל איִך ניִט.

— גאַנעוו!—האָט זיִך גערע אופגעהויבן פון אונטער דער בעט. אַ שטאַרקער פּאַטש האָט אַ היִלך געטאָן איִן שכייניִשן ציִמער.

דער לערער ייִסראָעל איִז אַ דערשראָקענער אַרײַנגעלאָפן איִן שלאָפציִמער און האָט דערזען פאַר זיִך אַזאַ ביִלד: גערע איִז געשטאַנען איִנמיִטן שלאָפציִמער, מיִט איין האַנט זיִך געהאַלטן פאַר אַן אויער און איִן דער צווייטער געקנייטשט אַ נאַסע אויסגעדרייטע שמאַטע און גערעוועט. און בערל איִז געשטאַנען אָנאַזײַט און געקוקט אַף דרערד.

— בערל!—האָט זיִך דער לערער ייִסראָעל אַ כאַפּ געטאָן פאַר דעם קאָפּ—שוין וויִדער עפּעס?

— זאָל ער מיִך ניִט רייצן,—גאַנעוו!—האָט בערל וויִ אויסגעשאָסן און איִז האַסטיִק אַרויסגעלאָפן איִן ציִמער.

— גוואַלד, גוואַלד!—האָט דער לערער ייִסראָעל פאַרמאַכט מיִט דיִ הענט דיִ אויגן,—גוואַלד! וואָס טוט מען מיִט אײַך?!—ער איִז אַרויסגעלאָפן פון שלאָפציִמער און צעפּיִרט מיִט דיִ הענט.

בערלען האָט ער אַ גאַנצן טאָג ניִט געפונען. ער האָט זיִך אײַנגענורעט ערגעץ איִן אַ קיִשן און האָט געוויינט.

ב

דער לערער ייִסראָעל פרייט זיִך זייער זעלטן. זײַן רונדער פּאָניִם איִז טאָמיד ערנסט און פאַרטאָן. נאָר הײַנט, בעשאָס אַלע זײַנען געזעסן באַם פריִשטיִק, האָבן זיִך אַף זײַן כמורנעם פּאָניִם דורכגעריִסן שמייכלנדיִקע קנייטשן. נאָר קיינער האָט עס ניִט באַמערקט.

און איבער וואָס מיינט איר? איבער אַ קליינקייט! בעשאַס מע האָט אַלעמען דער-לאַנגט צום טיש די קאָנדענסירטע מילך מיט די זיסע גאַלעטן, האָט זיך בערל אָפּגעזאָגט צו עסן...

אַלע קינדער זיינען געבליבן פאַרוואונדערט:

— בערל?!

— כ'וויל ניט...

— בערל, זע נאָר, מילך מיט גאַלעטן!...

— אַי, טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר.—

דעם צווייטן טאָג ווידער דאָסזעלבע:

— אוי, זע נאָר, ער עסט טאַקע ניט!

— בערל!?

— איך האָב געזאָגט, אַז ניט, איז ניט!

— זע נאָר, טאַקע אַף אַן עמעס!

דער לערער ייסראָעל:

— נו, בערל, מאַך זיך ניט נאַריש—נעם און טרינק!

די מומע ראָכל:

— בערל, וואָס איז מיט דיר?

די קינדער אין אַלע ווינקעלעך:

— כעוורע, שאַ! אַ בער איז געפּייגערט אין וואַלד!

בערל האָט זיך אַליין באַשטראָפט: ער וועט ניט טרינקען דריי וואָכן נאָכאַנאַנד קיין אַמעריקאַנער קאָנדענסירטע מילך און ניט עסן דריי וואָכן נאָכאַנאַנד די געשמאַקע אַמע-ריקאַנער גאַלעטן (אַזוי האָט ער פּינקטלעך אויסגערעכנט) און דערמיט וועט ער אַליין אָפּ-צאָלן פאַר דער גנייווע, וואָס ער האָט געמאַכט.

דער לערער ייסראָעל האָט שוין אַפילע מיט אים עטלעכע מאָל געשמועסט:

— אַי, בערל וואַרף אַוועק דיינע נאַרישקייטן, מיר זיינען דיר אַזוי אויך מויכל...

די מומע ראָכל:

— בערל, בערעלע, נו שוין, נו!...

— ניין.

ביילקע:

— בערל, ביזט אַ כוואַט, נאָר צי וואָס די איינגעשפּאַרטקייט?

נאָר עס האָט גאָר יט געהאָלפן.

...און ווען עס זיינען דורך די דריי וואָכן שטראָף, איז שוין מער קיין מילך מיט גאַ-לעטן ניט געווען. „אַראַ" האָט אופגעהערט צו סובסידירן מיט אַמעריקאַנער זיסע קאָנדע-סירטע מילך און געשמאַקע גאַלעטן...

דער לערער ייסראָעל איז שוין אַפילע עטלעכע מאָל געגאַנגען אין „גאַראָבראַז" זיך דערוויסן פאַרוואָס האָט זיך אַמעריקע אָנגעבלאָזן אַף אונדז... נאָר מיילע!...

## דריי העלדן.

### א

זונטיק, מאָנטיק, דינסטיק, דערנאָך גייט מיטוואָך.

טאַקע מיטוואָך.

דער לערער ייסראָעל האָט געזאָגט, אַז מאָרגן, דאָנערשטיק, מאַכט דער קינדערהויז אַן אָבלאַווע. נאָר אַזוי ווי דאָנערשטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מע קען ניט מאַכן די

אָבלאַווע, האָט מען זי אָפּגעלייגט אַף פֿרײַטיק. נאָר פֿרײַטיק האָט אַ גאַנצן טאָג געגאָסן אַ גרויסער רעגן, אַזאַ רעגן, אַז מע האָט אַף דער גאַס ניט געקענט אַרויסגיין, האָט מען עס שוין געמוזט בעמיילע אָפּלייגן אַף שאַבעס, און שאַבעס איז נאָכן רעגן געוואָרן אַ גרויסע בלאָטע, אַז מע האָט געמוזט די אָבלאַווע מאַכן זונטיק.

איז טאַקע אַזוי פֿאַרבליבן—זונטיק.

דערדאָזיקער זונטיק איז פּונקט געווען אַ זון-טאָג. די זון האָט אַביסל אויסגעטריקנט די יענוואַכיקע בלאָטעס, און די עלטערע ייִנגלעך זײַנען פֿאַרנאַכט אַוועק מיטן לערער ייִסראָעל אַפֿן מאַרק און וואָקזאַל מאַכן די אָבלאַווע.

כעווריע פֿון קינדערהויז זײַנען אַוועק מאַכן אַן אָבלאַווע אַף די פֿאַרוואָרלאָזטע, אַף די גאַסיקע קינדער, וואָס האָבן ניט קײַן דאַך און האָבן ביכלאַל גאָרניט, אויסער כיסרע אויגן און פֿלינקע פֿיס. נאָר באַקומען האָט זיך עס פּונקט פֿאַרקערט. אַפֿן מאַרק האָבן גאָר די דאַכלאָזע קינדער געמאַכט אַן אבלאַווע אַף די כעווריע פֿון קינדערהויז... די גאַסיקע כעווריע האָט אַרומגערינגלט די קינדערהויזניקעס פֿון אַלע זײַטן און פֿאַרשטעלט זיי דעם וועג...

באַ בערלען האָבן זיך שוין אין דער רעגע אָנגעהויבן בייסן די הענט. און ער האָט טייקעף געוואָלט פֿאַרקאַטשען די אַרבל... אָבער לערער ייִסראָעל האָט עס באַמערקט און זיך אָנגעצונדן:

— בערל, אויב דו וועסט וואַגן כאָטש מיט אַ פֿינגער זיי אַ ריר טאָן, קערן מיר זיך אַלע שוין אום צוריק!...

איז ווו האַלטן מיר? די ייִנגלעך פֿון „קינדערהויז נומער 40" זײַנען זונטיק פֿאַרנאַכט אַוועק מיטן לערער ייִסראָעל מאַכן אַן אָבלאַווע אַף די פֿאַרוואָרלאָזטע, נאָר די פֿאַרוואָרלאָזטע האָבן גאָר געמאַכט אַן אָבלאַווע אַף די קינדערהויזניקעס.

איז קאָן איך אײַך זאָגן דעם עמעס, אַז די פֿאַרוואָרלאָזטע האָבן פּאָשעט גערעכנט טאָמער וועלן זיי דאָ פּאַקן אַ שטיקל נאַזשיווע, נאָר ס'האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ בוידעם... זײַנען זיי זיך אַלע צעלאָפֿן, אַוועק זיך יעדערער שלאָפֿן אין זײַן קאַסטן.

פֿאַרנאַכט איז אין מאַרק פּוסט. פֿאַרנאַכט איז דער מאַרק אַ פֿרײַער פֿאַר אַלע דאַכלאָזע, פֿאַר אַלע עלנטע מענטשן, וואָס ווילן ניט, וואָס טאָרן ניט, און האָבן קײַן אַנדער אָרט ניט, ווו צו שלאָפֿן, אויסער דעם מאַרק. פֿאַרנאַכט זײַנען אַלע קאַסטנס, ווו עס זיצן די הענדלערקעס פּוסט. און אַ מענטש, וואָס האָט ניט קײַן צימער, קאָן זיך אַף באַנאַכט גוט אײַנאָרדענען אינם קאַסטן דערצו זיך נאָך איבערדעקן מיט אַ פּאָר שמאַטעס דעם קאָפּ און אַ גוטע נאַכט!

שלאָפֿן טאַקע דידאָזיקע כעווריע אין די קאַסטנס געזונטיקערהייט, ביז דער וועכטער אַליין שטורכעט זיי ניט אָפּמאָרגן אינדערפֿרי:

— נו, באַלעבאָטים מײַנע, שוין צײַט צו דער אַרבעט, זע ווי דער טאָג איז שוין אויפֿגעגאַנגען?! ע-וואַ!

דאַן שטייען זיי אויף פֿון זייער האַרטן געלעגער און צעשווימען זיך יעדערער איבער דער גרויסער הויפּטשטאָט, איבער אַלע אירע וואָקזאַלן, מערק און הויפּטגאַסן... צעלויפֿן זיך יעדערער אין זײַן ווינקעלע: שלעפּן, שנאָרען, העלפֿן עמעצן אונטערטראָגן אַ קאָשעק אַהיים, אונטערזועגן יענעם אַ ביסל האָלץ, אָדער סתּם גלאַט אַזוי שטיין אַף אַ הויפּטגאַס און שפּאַטן פֿון יעדער פֿאַרבײַגייער און פֿון דער גאַנצער וועלט...

דער לערער ייִסראָעל קען זיי, די פֿאַרוואָרלאָזטע, די גאַסיקע פֿאַרדאָרבענע קינדער, ער ווייסט זיי אַף אויסווייניק און דעריבער האָט ער זיך געלאָזט גיין אַף אַזאַ אָבלאַווע.

מיטן לערער ייִסראָעל איז מיטגעגאַן אַ מענטש, פֿאַר וועמען זיי אַלע שרעקן זיך און פֿון וועמען זיי אַלע לאַבן אָפּ, ווו נאָר און ווי נאָר זיי קאָנען. דער מענטש האָט זיי געפֿירט אין זיכערע ערטער, ווײַל ער ווייסט שוין גוט, ווו יעדערער פֿון זיי געפֿינט זיך.

...און זונטיק באַנאַכט זײַנען שוין אין קינדערהויז נומער 40, אין אַ באַזונדער צימער געשלאָפֿן דרײַ פֿרעמדע ייִנגלעך, וואָס ווען ניט דער צופֿאַל, וואָלטן זיי גאָר הײַנט געשמעכ־טיקט אין אַ קאַסטן איבערגעדעקט דעם קאָפּ מיט אַ פּאָר שמאַטעס.

לערער ייִסראָעל איז באַנאַכט אויפֿגעשטאַנען און אַרײַנגעקוקט אין צימער, צי זײַנען נאָך די כעוורע ניט אַנטלאָפֿן און עפּשער נאָך מיטגעשלעפּט מיט זיך עפּעס וואָס פֿון קינדערהויז. נאָר אַלע דרײַ זײַנען שטאַרק געשלאָפֿן און האָבן גאָרניט געטראַכט ערגעץ אַנטלויפֿן.

ב

די נײַע דרײַ כעוורע, וואָס האָבן אַמאָל פֿאַרלאָזט זייער היים (איינער פֿון יאַלטע, דער צווייטער פֿון באַלטע, און דער דריטער פֿון מינסק) האָבן איצט ענדלעך געפֿונען זייער נעסט אין דעם ייִדישן „קינדערהויז נומער 40.“ אַ סימען האָט איר, אַז זיי האָבן אָפּגעלעבט אין קינדערהויז עטלעכע כאַדאָשים און אַפֿילע ניט געטרוימט ערגעץ אַוועקלויפֿן.

די דרײַ נײַע כעוורע, וואָס איינער פֿון זיי האָט געהייסן אײַזיק, דער צווייטער איציק און דער דריטער איסאַק, האָבן ענדלעך באַשלאָסן, אַז דאָ אין קינדערהויז וועט זײַן זייער לעצטע סטאַנציע און מער קײַן פּערעסאַדקעס מאַכן זיי שוין אינערגעץ ניט. די דרײַ נײַע כעוורע, וואָס יעדער פֿון זיי האָט שוין לאַנג פֿון אַן אייגענעם פֿעטער פֿאַרגעסן, האָבן איצט באַקומען אַ נײַעם פֿעטער: לערער ייִסראָעל, זיי האָבן אים טאַקע אַזוי גערופֿן: פֿעטער ייִסראָעל.

דער אויספֿירקאָם פֿון הויז האָט אויסגעטיילט אַ דרײַלינג, וואָס זאָל נאָכקוקן נאָך די דרײַ נײַע פֿאַרשוינען: נאָך אײַזיקן, איציקן און איסאַקן, זיי זאָלן זיך פֿירן לײַטיש, ניט שלעפּן, ניט זידלען זיך, ניט רויכערן, ניט שפּײַען אַפֿן דיל, זיי זאָלן וואַשן די הענט פֿאַרן עסן, האַלטן אַמאָל אַ ביכל אין דער האַנט און ניט ווירקן אַף די איבעריקע קינדער.

דער דרײַלינג איז באַשטאַנען פֿון גערען, בערלען און ביילקען.

טאָמער האָט אײַזיק זיך אַרויסגעכאַפּט אַמאָל און פֿאַרפֿאָרן איציקן אין דער בובנע אַרײַן, האָט זיך בערל באַלד אַרײַנגעמישט:

— סטאָפּ! אין קינדערהויז טאָר מען אַזעלכע זאַכן ניט טאָן!...

טאָמער האָט דער נײַער איציק זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ שיין ווערטעלע, ווי עס איז געווען דערמאָנט די באַרימטע רוסישע „מאַמע“, איז ביילקע טייקעף געלאָפֿן צום לערער ייִסראָעל:

— לערער ייִסראָעל, מע דאַרף אים באַשטראָפֿן דערפֿאַר...

טאָמער האָט דער נײַער איסאַק זיך אַמאָל מעיאַשעוו געווען און אַרויסגעכאַפּט פֿון קיך אַ שטיקל געבראָטן פֿלייש, איז שוין גערע געווען אַף דער וואַך:

— ע, ברודערקע, פֿאַרגעס! אין קינדערהויז זאָלסטו אַלע דײַנע שטיק פֿאַרגעסן:

די דרײַ נײַע כעוורע, וואָס האָבן ענדגילטיק באַשלאָסן, אַז דער קינדערהויז וועט זײַן זייער לעצטע סטאַנציע און מער קײַן פּערעסאַדקעס מאַכן זיי אינערגעץ ניט, האָבן זיך סאָפּקאָלסאָף איבערגעקאָכט אינם גרויסן קעסל, סאָפּקאָלסאָף אָפּגעטרייסלט פֿון זיך די גאַסיקע בלאָטע און די פֿאַרדאָרבענע גאַסיקע געוואָינהײַטן...

דער לערער ייִסראָעל האָט די דרײַ נײַע כעוורע ליב געקראָגן, אָפֿט זיי אַרײַנגערופֿן צו זיך אין צימער און געשמועסט מיט זיי:

— איר פֿאַרשטייט? איצט האָט איר שוין אַ היים, דאַרפֿט איר זיך פֿירן אַזוי, ווי אַ קינד פֿירט זיך בײַ זיך אין שטוב. ניט גאַנוועגען בײַ זײַן שוועסטער און ברודער קײַן זאַכן, ניט שלאָגן זיי, ניט באַליידיקן זיי מיט זידלווערטער און זיך כאַווערייש באַציען צו די עלטערע כאַווייריִם, צו די לערער, וואָס זאָרגן וועגן אײַך און ווילן אײַך טאָמעד פֿאַר־בעסערן דאָס לעבן....

## ג

אין אַ יאָר אַרום איז דאָס קינדערהויז ווידער געפאָרן אַף דאַטשע.

דער היגער שטאָטראַט האָט דעם קינדערהויז באַזעצט אינם געוועזענעם מאַיאָנטעק פונם פירשט סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי. דערדאָזיקער פיינער פּאַרשוין האָט אַמאָל אַליין געהאַט גאַנ-צע 7 טייכן און האָט זיך אַליין געבאָדן אין זיי און אויסער זיך מיט זיין מישפּאָכע קיינעם אַפילע ניט צוגעלאָזט צו די טייכן (אַ כאַזערשאַפּט אַזאַ!).

איצט האָבן זיך אַלע קינדער פונם יידישן קינדערהויז נומער 40 געבאָדן אין זיינע טייכן, שפּאַצירט אין זיינע סעדער און געשפּילט אַף זיינע לאָנקעס אין „לאַפּטאָ” און אין „פוטבאָל”.

כעוורע האָבן זיך פריי געפילט אין זיין מאַיאָנטעק. זיך געפילט ווי עמעסע באַלעבאַ-טים און געקלעטערט אַפילע אַפן בוידעם און אַפן דאַך.

פּראָדוקטן פלעגט מען אָבער באַקומען פון שטאָט. יעדער צוויי וואָכן פלעגט די ווירט-שאַפט-קאָמיסיע אינם באַשטאַנד פון די דריי באַקאַנטע כעוורע אייזיק, איסאַק און איציק פאָרן אין שטאָט נאָך פּראָדוקטן און בעשאַסן פאָרן צוריק פלעגן זיי בא דער סטאַנציע אַראָפּוואַרפן די זעקלעך פון וואַגאָן, און דערנאָך אַליין אַראָפּשפּרינגען.

נאָר דאָס לעצטע מאָל האָט זיך געטראָפן אַזאַ מייסע:

אייזיק, איציק, און איסאַק האָבן אָנגעפּאַקט דריי זעק מיט פּראָדוקטן און זיך געלאָזט פאָרן צו זיך אין מאַיאָנטעק. גוט, פאָרן זיי. זיי זיינען נאָר אָפּגעפאָרן עטלעכע וויאָרסט פון דער שטאָט, איז זיך דער לאָקאָמאָטיוו מעיאַשעוו לעמיי זאָל ער היינטיקס מאָל שלעפּן מיט זיך אַזויפיל וואַגאָנעס, אַז ער קאָן עס איבערלאָזן פאַר אַן אַנדער לאָקאָמאָטיוו... לעמיי זאָל יענער אַרומשפּאַצירן פראַנק און פריי און גאָרניט ניט טאָן?

דער לאָקאָמאָטיוו האָט שטאַרק אָנגעהויבן פייפן, וואָס האָט פאַרן הויפּט-קאָנטראָליאָר באַטייט:—טשעפּעט אָפּ פון מיר די וואַגאָנעס, אַ ניט קאָן איך זיך פון אָרט ניט רירן...

און דער הויפּטקאָנטראָליאָר האָט באַלד געגעבן אַ באַפעל:

— העי, טשעפּעט דאָרט אָפּ די לעצטע פּאָר וואַגאָנעס!...

און מע האָט טייקעף אָפּגעטשעפּעט די לעצטע וואַגאָנעס (וואָרעם, אַז דער לאָקאָמאָ-טיוו אַליין וויל ניט, איז דאָך ניט שאַיעך...). און צווישן זיי אויך דעם וואַגאָן, ווו עס איז געזעסן די ווירטשאַפט-קאָמיסיע פון יידישן קינדער-הויז נומער 40 אינם באַשטאַנד פון די דריי באַקאַנטע פּאַרשוינען אייזיק. איציק און איסאַק.

אין אַ האַלבער שאָ אַרום איז אָנגעקומען אַן אַנדער לאָקאָמאָטיוו, צוגעטשעפּעט צו זיך די ווירטשאַפט-קאָמיסיע און אַוועקגעפאָרן...

— אוי, אַ בראָך צו אונדזערע יאָרן—האָט זיך איציק אַ כאַפּ געטאָן אינמיטן וועג. מע פירט דאָך אונדז דער רועך ווייסט וווהין...

און ער האָט אַפּאָנים געטראָפן, איציק. זיי זיינען טאַקע געפאָרן מיט די פּראָדוקטן ערגעץ אַף אַן אַנדער וועג, ניט צום מאַיאָנטעק.

אייזיק האָט שוין געהאַט זיך אַראָפּגעלאָזט אַפן אונטערשטן טרעפּל און אָנגעהויבן שרייען צום מאַשיניסט. נאָר דער מאַשיניסט האָט אים, פאַרשטייט זיך, זייער אַסאַך גע-הערט... דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך צעפייפט און האָט זיך צעיאָגט איבער פעלדער און וועלדער און געפירט די ווירטשאַפט-קאָמיסיע דער רועך ווייסט וווהין...

לערער ייסראָעל האָט זיך שוין באַומרויקט:

— וואָס קאָן עס זיין?

די מומע ראָכל האָט געפּרווט פאָרויסזאָגן:

— מיסטאָמע שוין אַנטלאָפן, געכאַפּט דעם סאַמע רעכטן מאָמענט און אַנטלאָפן.

...און שפּעט באַנאַכט האָט זיי דער צוג געבראַכט ערגעץ אין אַ פֿרעמדער שטאָט. און דאָ האָט מען זיי מעכילע געהייסן נעמען דעם וועג, ווייל זייערע בילעטן זיינען שוין אויסגעגאַן. און דער קאָנדוקטער האָט זיי אַפּילע כוישעד געווען, אַז דאָס זיינען מיסטאָמע דריי גאַנאָווימלעך, וואָס האָבן ערגעץ צוגעשלעפּט די זעק פּראָדוקסן און ווילן זיי דאָ פֿאַרקויפֿן. נאָר גיי דערקלער אַ קאָנדוקטער, אַז דאָס איז גאָר די ווירטשאַפֿט-קאָמיסיע פֿון דעם יידישן קינדערהויז נומער 40, וואָס געפֿינט זיך איצט אַף דער דאַטשע אינם מאַיאָנטעק פֿונם געוועזענעם פּירשט סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי!...

אַפּמאָרגן אינדערפֿרי זיינען די דריי כעוורע: איסאַק, אייזיק מיט איציקן קוים מיט צאָרעס געקומען צעפּאָרן אַהיים און געבראַכט אַלע פּראָדוקטן גאַנצערהייט, אַפּילע קיין ברעקל ניט גערירט, און...

און אַף איבערמאָרגן באַטאָג האָט דער קינדערהויז נומער 40 אויסגעווילט די דריי כעוורע אייזיק, איציק און איסאַק, וואָס האָבן פֿון לעכאַטכילע אָן באַשלאָסן, אַז דער קינדערהויז נומער 40 וועט זיין זייער לעצטע סטאַנציע און מער קיין פּערעסאַדקעס מאַכן זיי שוין אינערגעץ ניט—פֿאַר ערן-מיטגלידער פֿונם קינדערהיים נומער 40.

דעם לערער ייסראָעלס גראָע פֿאַרטאָגנענע אויגן האָבן היינטיקס מאָל זייער צופֿרידן געשמייכלט...

ש. העלמאָנד.

# ל י ד ע ר.

## ה א ר ב ס ט.

עס שלאָפֿט דאָס דאָרף. איך שטיי און וואַרט.
דער טויק איז צו, שוין לאַנג געדראָשן.
אַ יונגע האַנט האָט שוין די טיר פֿאַרשפּאַרט,
די שויב פֿאַרדעקט, דעם לאָמפּ געלאָשן.

פֿון צאָפֿן זײַט האָט מיר געבראַכט דער צוג.
אַרויסגעוואָרפֿן מיך און יאָגט זיך ווײַטער.
דער סטעפּ איז ברייט, איך שטיי און קוק.
קיין מינדסטער פֿײַערל, קיין מינדסטער שייטער.

אין אָט דעם ברייטן פֿעלד, אין טעג פֿון שניט,
אונטער שאַרף פֿון שטאָל, דאָ פֿלעגן זאַנגען ציטערן.
עס בראָט די היץ, זי ברענט, זי גליט,
עס קלינגט די ליד, עס זינגען שניטערנס.

נאָר איצט וואָס קאָן איך מאָלן דאָ, וואָס קאָן איך ווײַזן אײַך.
כּוּץ הוילן סטעפּ, כּוּץ סטערנעס דאַרע.
און ווי עס טרײַבט די היץ די שאָף צום טײַך
זיי טרײַבט דער ווינט צום יאַם אַ כמאַרע.

## פֿ א ר נ א כ ט.

די טשערעדע גייט, און פֿון פֿעלד
מיט פֿײַכטער פֿאַרנאַכטיקער קילקײַט
קומט אַראָפּעט אַף גאָלדענע טרעפּ
די טויִקע נאַכטיקע שטילקײַט.

וואָס ווילסטו, וואָס איז דיר נאָך קאַרג?
דו שטייסט און דו קוקסט פֿון דער זײַט,
דו שטייסט און דו קוקסט פֿון דעם באַרג
און דו שלינגסט מיט די אויגן די ווײַט.

עס נאָגט איצט מײַן מענטשלעך געביין
אין די רוישיקע בליטן פֿון מײַ,
עס וויל ווי די זון איצט פֿאַרגיין
קעדיי ווידער צו אופֿגיין אַפֿסנײַ.

כ. לאַסקער.

# צום מאיאַק.

(אויסצוגן פון אַ פּאָעמע).

ס'איז נאַכט, ס'איז נאַכט אַף ברייטן יאַם,
די כוואליעס קעמט לעוואָנע-קאַם...
עס וויגט און קײַקלט זיך די ראָד,
ס'איז ווײַט די שיף שוין פון דער שטאָט.
און פול איז זי פון עק ביז עק.
מיט ניס מיט רײַז, מיט פולע זעק
מײַן זיידע פירט אין יאַם די שיף
און קוקט פאַרקלערט דורך דער שפּאַקטיוו...

———

ווען קאַפּיטאַן איז אויסגערוט,
ווערט ער פריילעך, ווערט ער גוט,
און ער גיט אַ הויב די הענט:
—זאָל מען לאָזן זיך אין טענץ,
—זאָל ווער אויסזינגען אַ ליד!
נאָר מאַטראָסן זײַנען מיד
פון טאָג, פון אָל, פון רוט, פון קלעפּ,
לאָזט מען שטיל אַראָפּ די קעפּ...
קאַפּיטאַן וואַרט מיט פאַרדראָס.—
לויפט אַרויס דאַן אַ מאַטראָס,
שיין ווי יאַם און פריש ווי זאַלץ,
און ער גיט אַ מאַך מיט האַנט:
—איך וועל זינגען פון מײַן לאַנד.

———

און קאַפּיטאַן דערזעט זײַן היים
אַ ווײַסינק שטיבעלע פון ליים.

———

הימל, יאַם, און שיף און זון
צען מאַטראָסן פון פּאַיום,
שיף איז ברייט און שיף איז פול
און קאַפּיטאַן איז ווילד און דול,
שרײַט און שילט דער קאַפּיטאַן
און מעוועס וויינען אַפן יאַם...
און ס'זאָגט דער קאַפּיטאַן אַזוי:
—„קנעכט באַראַרפן זײַן געטרײַ!
ווער עס פאָלגט, איז גוט, ווער נישט,—
וואַרפן מיר אים פאַר די פיש“

———

איז בלויער יאַם געוואָרן רויט,
און פאַר פיש אַזויפיל ברויט.
יאָגט די שיף צו ווײַט געווענט,
שווימט אַ קאָפּ און ס'שווימען הענט,
שווימט אַ טויטער צום מאַיאַק,
אַפן ווײַטן וואַסער-טראַקט.
און ס'בעט זיך דזשים, און ס'בעט זיך דזשאַן...

———

און שלאָפט אַף שיף דער קאַפּיטאַן.

———

און ווען די נאַכט האָט זיך צעבלענט,
איז דער יונגער הייסער דזשאַן
שוין געשווומען אין דעם. יאַם
און צום מאָלצײַט, ווי עס פּאַסט
געקומען זײַנע פיש צוגאַסט...

אַווראָם קאַהאַן.

# קרייטעכצער.

דערציילונג

(סאָף).

4

ווי אַזוי פֿאַרוואונדערט איז געווען כאַלעמענדריטשקע, ווען זי האָט אין עטלעכע טעג אַרום דערזען, אַז איבער איר קלייט רעמאָנטירט מען אַ דירע. זי האָט פאַריסן דעם קאָפּ אינדערהויך, געשלעפּט די בעהיימישע פיס און געשריגן:

— פֿייגע-לייע, קומט נאָר אַהער! פֿייגע-לייע, איר האָט דאָך מיר געהייסן האַלטן סאָד...

פֿייגע-לייע איז אַרויס אַף דער שוועל מיט איינגעטונקטע הענט אין עפּעס אַ געמיש און האָט אומעטיק אַ קוק געטאָן און דערזען: גלעזערס גלאָזן אָן די פֿענצטער, דערנאָך האָט זי מיטן אָרעם פֿאַרשאַרט די אַרויסגעפֿאַלענע האָר און געשאָקלט מיט קאָפּ.

כאַלעמענדריטשקע איז קעגן איר געשטאַנען מיט אַן אָפֿן מויל. סע איז געווען צו דערקענען אַף כאַלעמענדריטשקען, אַז זי מאַכט אין דעם איבגאַנצן שולדיק פֿייגע-לייען, אַנדערש האָט זיך ניט פּאָטופּעט אין קאָפּ. זי האָט געקוקט אַף דער הויכער יידענע און געוואַרט, וואָס וועט זי זאָגן. צום סאָף האָט כאַלעמענדריטשקע זיך ניט איינגעהאַלטן, זיך טאַקע ניט געקענט דערוואַרטן אַף עפּעס אַ וואָרט פֿון פֿייגע-לייען:

— הערט-זשע אויס, איר האָט זיך טאַקע אַ זון אַ מעשומעד.

באַ פֿייגע-לייען האָט אַ ציטער געטאָן דאָס איינציקע גלעזל. זי האָט דער שוטעפּטע געוואָלט עפּעס ענטפֿערן, איז גראָדע אין דער רעגע אַראָפּגעפֿאַלן אַ שטיק גלאָז פֿונם הויכן פֿענצטער און געפּלאַצט. טר... טרר...

ביידע ווייבער האָבן אַ ציטער געטאָן און כאַלעמענדריטשקע האָט אויסגעשריגן:

— ברעכן זאָל אייך אין קאָפּ און אין יעדער אייווער.

פֿון דעם הויכן פֿענצטער איז געפֿאַלן אַ קאָל פֿון אַן אַרבעטער:

— ווענען שעלט איר עס דאָרטן, יאַכנע-פּוזיע.

כאַלעמענדריטשקע האָט גלייך געענטפֿערט:

— דיך און דיינע באַלעבאַטים.

די אַרבעטער פֿונויבן האָבן זיך צעלאַכט.

כאַלעמענדריטשקע האָט דערזען צוקומען שימצען מיט נאָך עמעצן. זי האָט זיך אַזוי ווי דערפֿרייט. זי האָט זיך געלאָזט אַנטקעגן זיי:

— שימצע, איר זעט דעם נאַכעס?—האָט זי געוויזן אַפֿן העכערן שטאָק, ווו דער רע-מאָנט איז געגאַנגען אין פֿולן ברען. פֿונדאָרטן האָט מען געהערט קלאַפּן און זעגן. ס'זעט אויס, מע האָט באַשטימט עפּענען אַ קאָאָפּעראַטיוו וואָס גיכער. סע האָבן איינציַיטיק גע-אַרבעט אַרבעטער פֿון פֿאַרשיידענע פֿאַכן.

שימצע מיטן פֿאַרשוין זיינען געבליבן שטיין געפּלעפּט. נאָך פֿון עטלעכע טעג פֿריער האָט שימצע באַמערקט: יענער יונגערמאַן מיט די קאָסאָקע אייגעלעך דרייט זיך דאָ אַרום ווידער זייער אָפֿט, נאָר עס איז אים ניט איינגעפֿאַלן, אַז שוין געשיט עס. ער האָט זיך

עטלעכע מאָל איבערגעקוקט מיט דעם פאַרשוין און מיט כאַלעמענדריטשקען. מיט דער ראָבער האַנט האָט ער זיך געקראַצט פונפאָרנט אין קאָפּ, דערנאָך האָט זיך בײַ אים אַרויסגעכאַפּט:

— זע נאָר, מע אַרבעט שוין טאַקע!

און איז אַוועק צו זײַן שטעלעכל. כאַלעמענדריטשקע איז אים נאָך, נאָכשלעפנדיק די בעהיימישע פיס אירע. זי האָט עפּעס אײַנגערוימט שימצען אַ סאָד, געוויזן אַף פייגע-לייעס קלייט. די שטשורישע אויגעלעך זײַנען בײַ איר געשפרונגען אַפן פּאָנים. זי האָט אַפגיך געמאָלט מיט די ציין און עפּעס שטאַרק אײַנגערעדט שימצען. שימצע ווידער האָט אופגעשטעלט מויל און אויערן, זיך געבויגן צו יענעם, וואָס איז מיט אים געקומען. ווען פייגע-לייע איז ווידער אַרויס פאַר דער שוועל אַ קוק טאָן אַפן העכערן שטאָק איבער איר קאָפּ, האָט כאַלעמענדריטשקע געוויזן אַף איר מיטן פינגער. שימצע איז דעמלט אופגעשטאַנען פון הינטער דער שטעל און איז צוגעגאַנגען צו איר. כאַלעמענדריטשקע איז געבליבן מיטן פאַרשוין. שימצע האָט ניט געקוקט אַף פייגע-לייען און גערעדט:

— איר זאָגט דאָך, אַז דער זון האָט אײַך צוגעזאָגט!

פייגע-לייע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— ווער זאָגט?

זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און דערזען זיצן כאַלעמענדריטשקען, האָט זי פאַרשטאַנען, אייגנטלעך, איז שוין איצטער אַלצייגס קײַן סאָד ניט געווען. זי האָט מיט פאַראַכטונג געקוקט אַף שימצעס פאַרשמאָלצעוועטן בעגעד און אַף זײַן איבערגעבונדענער באַק.

— וואָס-זשע קאָן איך טאָן?

שימצע האָט גלײַך איר גענומען אײַנריידן:

איר דאַרפט ווידער גיין צום זון און אים בעטן אין נאָמען פון יידן, וואָס ווערן געבראָכן פון פאַרנאָסע. איר זײַט דאָך אַ מאַמע, וועט ער אַף אײַך ראַכמאָנעס האָבן.

כאַלעמענדריטשקע מיט יענעם פאַרשוין זײַנען אויך אונטערגעקומען. דערנאָך זײַנען אונטערגעקומען קרעמער פון דערבײַיקע און נאָענטע געוועלבן, מע האָט זיך אַרומגעשטעלט אַרום פייגע-לייען אין אַ ראָד. פייגע-לייע האָט געשוויגן, זי האָט געקנייטשט דעם שטערן. אינדערעמעסן האָט זי גאָרניט ניט געהערט, וואָס מע רעדט צו איר, וואָס מע בעט זי. כאַלעמענדריטשקע איז געפאַלן אַף אַזאַ סוואָרע:

— איר ווייסט וואָס,—האָט זי געטײַנעט,— דער זון האָט דאָך איר צוגעזאָגט, נאָר איך מיין, אַז דער, מיט די קאָסאָקע אויגעלעך, איז אַ הונט מיט אויערן. קען זײַן, אַז דער זון ווייס גאָרניט, ער האָט דאָך איר צוגעזאָגט.

אַלע אַרום:

— אַזוי, אַזוי גאָר, הערסט אַ מײַסע. איז דאָך נישקאָשע.

דעמלט האָט פייגע-לייע בייז אַ קוק געטאָן אַף איר שוטעפטע:

— וואָס דרייט איר אַ קאָפּ?—און איז אַרײַן צו זיך אין קלייט.

אַלע זײַנען געבליבן שטיין און ניט געוווּסט, וואָס סע באַטײַט. באַלד האָט מען דערזען זיך דערנעענטערן די צווייראָדערדיקע בריטשקע אין אַ קנויל שטויב, וואָס ס׳האָט זיך אופגעהויבן אַפן וועג, און אַף דער בריטשקע איז געזעסן דער כ׳ זאָרקין. אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אים, אים אַרומגערינגלט:

— אָט פאָרט ער, דער פאָרעץ.

— ס׳איז פייגע-לייעס זון.

— פייגע-לייע, ווו זײַט איר? קומט אַהער.

אָבער פײגע-לײע איז אַרײַן טיף אין קלײט און ניט געוואָלט הערן.

צוערשט האָט דער צוגעפאָרענער כאַוער גאָרניט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט זיך געפּרוווט דורכגיין צו די טרעפּ. מע האָט אים אָבער ניט געלאָזט. פון אַלע זײַטן האָבן אים די קרעמער געשפּאַרט. צום סאָף האָט ער אַ געשריי-געטאָן:

— וואָס ווילט איר?

מע האָט עפּעס אויסגעשריגן עטלעכע מיטאַמאָל. ס'איז אָבער געווען שווער צו פאַר-שטיין. דער אוילעם האָט גענומען שרײַען שטאַרקער.

— לאָז אײנער רײדן—האָט זיך געבײזערט זאָרקין, און אָנגערוקט דאָס היטל טיפער אַפן שטערן. ער האָט שוין דעמלט אָנגעהויבן צו ביסלעך פאַרשטיין מיט וואָס סע שמעקט. כאַלעמענדריטשקע האָט זיך צוגערוקט נעענטער צו אים. אים אָנגענומען באַ אַ לאַץ. זאָרקין האָט אָפּגעווענדעט איר האַנט און ווידער בייז געפרעגט:

— זאָגט גיכער, וואָס ווילט איר?

כאַלעמענדריטשקע האָט אָנגעבלאָזן די רויטע באַקן און אויסגעשאָסן:

— מיר ווילן איר זאָלט איבערוקן דעם קאָאָפּעראַטיוו ווײַטער, אַף יענער גאַס. א שווײַגנס. דערנאָך ווידער איר קאָל:

— דאָרט זײַנען דען ניטאָ קײַן ראַבאָטשעס?

זאָרקין האָט באַטראַכט דעם אוילעם. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אַהין, ווו פײגע-לײעס קלײטל. ער האָט עפּעס געזוכט. מע האָט עס דערקענט אין זײַנע נישטערנדיקע אויגן. גאָרניט ניט געפונען מיט די אויגן, האָט ער געזאָגט קאַלטבלוטיק:

— שרײַבט אָן אַ פּראָשעניע.

— אַ פּראָשעניע,—האָט זיך דערהערט פון אַלע זײַטן,—וואָס וועט העלפן אַ פּראָשעניע? כאַלעמענדריטשקע ווידער:

— איר האָט דאָך צוגעזאָגט עפּעס אײַער מוטער.

זאָרקין האָט די ציין צונויפגעפּרעסט. אַף די באַקן האָבן גענומען גיין די מוסקולן אַראָפּ און אַרויף. ער האָט ווידער מיט די אויגן אַ נישטער געטאָן צווישן אוילעם און קימאַט באַפּוילעריש אַ געשריי געטאָן:

— לאָזט מיך דורכגיין!

פון אַלע זײַטן:—לאָזט ניט, לאָזט ניט.

זאָרקין האָט דעם קאָפּ פאַרהויבן צו די אַרבעטער, וואָס האָבן אָפּגעשטעלט די אַרבעט און זיך געשטופּט באַ די פענצטער, געקוקט, וואָס וועט דאָ זײַן.

— טאָווארישטשי,—האָט ער אַף רוסיש ווייך אַ זאָג געטאָן,—ווי געפעלט אײַך די אַטאַקע?—און האָט זיך אַליין צעלאַכט.

די אַרבעטער האָבן געקנײטשט מיט די אַקסלען און געשמייכלט. עמיצער איז געלאָפן אַרויסשלעפּן פײגע-לײען פונם סקלאַד.

— זאָל זי צוגיין בעטן דעם זון,—האָט מען געוואָלט, אַדעראַבע, מע וויל זען, ווי אַזוי וועט ער רײדן מיט דער אײגענער מאַמע.

פײגע-לײע האָט בעשום אויפן ניט געוואָלט אַרויסגיין. זי האָט זיך פאַרוקט צווישן איר גראָזן און ניט געוואָלט אַפילו הערן.

אײנער אַ קרעמער איז דערווײַל אַרויף אַף די טרעפּ און אַ געשריי געטאָן:

— פאַרוואָס ענטפערט איר ניט? וואָס איז? מיר זײַנען טאַקע אַ נעטרודאָוואָי עלעמענט, אָבער די מעלוכע האָט מער פון אונדז אײדער פון אײַך.

— לאָז ער, לאָז ער ענטפערן,—פײגע-לײעס בענאָק.

— אַ גאַנצער מעיוכעס...

דער קרעמער האָט זיך ווידער אַרויסגעשטעלט:

— כאַווער, איר טוט ניט פּראַווילנע!

די אַרבעטער זײַנען אַראָפּגעלאָפֿן, צוגעגאַנגען צו זאָרקינען, אים גענומען אונטער די הענט,—דערבײַ האָבן זיי געשמייכלט און געפֿירט אים אַרויף. זאָרקין האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון זייערע הענט און איז אַליין אַרויף פֿונויבן.

די ווײַבער און די קרעמער זײַנען נאָך געשטאַנען אַביסל און דערנאָך צוביסלעך גענומען אַוועקגיין. ס'איז קיינער ניט געבליבן.

כאַלעמענדריטשקע האָט שפּעטער אַביסל געריזעט איר שוטעפּטע:

— ער וואָלט געמעגט אויסרינען בײַ דער מאַמען אין בויך.

פֿייגע-לייע האָט זיך אָנגענומען מיט האַרץ:

— זײַט ניט קײַן סעדעכע, איר זאָלט אַף מײַן שטייגער איבערקומען.

האָט עפּעס כאַלעמענדריטשקען אַ קלעם געטאָן אונטערן האַרצן. פֿייגע-לייע איז איר עפּעס פּלוצים שטאַרק נאָענט געוואָרן, גאָר נאָענט. איז זי צו איר צוגעגאַנגען און זיך ווי צעפּעסטעט פֿאַר איר. זי האָט לאַנג געזוכט אַזוינע ווערטער, וואָס זאָלן מיטאַמאָל אָפּווישן אירע פֿריערדיקע קלאָלעס, נאָר זי האָט ניט געפֿונען. שפּעטער אַביסל האָט כאַלעמענ-דריטשקע אַ זאָג געטאָן:

— פֿייגע-לייע, עפּשער וואָלט איר שוין געגאַנגען עסן וואַרמעס, כ'לעבן שוין צײַט.

פֿייגע-לייע האָט שטילערהייט געווישט די טרערן. קיינער האָט ניט געזען. זי האָט גאָר-ניט ניט געענטפֿערט.

5

די אַרבעט אין דער געבײַדע האָט מען שוין געהאַלטן בײַם פֿאַרענדיקן. גאַנצענע טעג האָט מען געפֿירט געהילך, מע האָט געהערט קלאַפּן און הילכן. אַ יונגעטשקער טעכניק איז אַראָפּ פֿון די טרעפּ. די פֿענצטער האָט מען אין אייניקע ערטער פֿאַרברייטערט, געמאַכט הויכע און באַקוועמע. אַרײַנגעשטעלט שיינע און גראָבע שויבן. מע האָט שוין אַהינצו טייל-ווײַז צוגעפֿירט קראָם אין לענגלעכע פֿירעקעכדיקע קעסטלעך.

אָנגעשטעלטע זײַנען שוין געשטאַנען בײַ די פּאָליצעס און געלייגט די קראָם פֿון די קעסטלעך. פֿון די פּאָליצעס האָט געשמעקט מיט פֿרישקײַט און מיט נאָך ניט אויסגעדעמפּטן האָלץ.

דער יונגיטשקער טעכניק האָט זיך געדרייט צוזאַמען מיט די סטאָלערס, איבערגענומען בײַ זיי די אָפּגעטאָנענע אַרבעט און פֿאַרשריבן אין אַ שמאָל ביכעלע און די סטאָלערס אַרויסגעגעבן קוויטלעך.

אַפּמאָרגן איז געווען באַשטימט אַ פֿאַרזאַמלונג לעקאָוועך דער עפֿענונג פֿון קאָאָפּע-ראַטיוו-קלייט, דערפֿאַר האָט מען זיך געאײַלט, אַז אַלץ זאָל שוין שטיין אַף אַן אָרט.

דער יונגערמאַן מיט די קאָסאָקע אויגן איז געקומען, באַקוקט דעם אויבערשטן און אונטערשטן גאָרן, ער האָט מיט זיך געבראַכט לעניגס בילד און אַ לאָזונג אַף אַ לאַנגן, שלאַנגאַרטיקן פּאַפּיר, אַרויסגעשטעלט דאָס בילד אין ברייטן פֿענצטער און דעם לאָזונג אויפֿגעהאַנגען אַף דער טיר. אַפֿן לאַנגן פּאַפּיר איז געווען אָנגעשריבן וועגן דעם, אַז מע דאַרף דערשטיקן דורך דער אַרבעטער-קאָאָפּעראַציע די פּריוואַטניקעס. געווען אָנגעשריבן אַף אוקראַיניש און אַף יידיש.

שפּעטער,—צו פֿאַרנאַכט האָט מען צוגעפֿירט אַ גרויסע שילד. אַ פּאָר מענטשן זײַנען אַרופֿגעקראָכן אַפֿן דאַך און מיט שטריק געצויגן די שילד אינדערהויך, די טיר און די פֿענצטער האָבן באַקומען אַן אַנדער אויסזען. די געלגעפֿאַרבטע שילד האָט זיך אַזוי ווי אַרײַנגעפּאַסט אין אַ ראַם און באַשיינט דעם גאַנצן פֿראָנטאָן פֿונם מויער. יעדער אָס איז אויסגעקומען ווי אַן אויג, אַ העל אויג—„Центральный рабочий кооператив“ און

מיִט קלענערע אויסיעס איִז געשטאַנען אויסגערעכנט די פֿאַרשיידענע סכוירעס, וואָס מע קריִגט דאָ.

און נאָך אַ וואָרט איִז געשטאַנען. אַרבעטער, אַרבעטערנס, פֿרויען זײַנען פֿאַרבײַ, געלייענט צו עטלעכע מאָל און ניִט אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען דעם פּיִנקטלעכן טײַטש: „Универмаг“.

אַף דיִ עקן פֿונם שיִלד איִז געווען אָנגעמאָלט, וויִ צוויי הענט דריִקן זיִך איינס דאָס צווייטע, איין האַנט קוקט אַרויס פֿון אַ געוויינטלעכן אַרבעטערישן טוזשורקע-אַרבל און דיִ צווייטע—פֿון אַ ברייטן פויעריִשן אַרבל. אַ נומער איִז געשטאַנען—42.

פֿון דער שיִלד האָט געווייעט מיִט נײַקײַט און מיִט יאָנטעוו...

פֿונהיִנטן באַ זיִך אין קלייט האָט כאַלעמענדריטשקען אַף יעדן קלאַפּ פֿונויבן דאָס האַרץ אַ טיאָכקע געטאָן, זיִ איִז געלאָפֿן אַלע מיִנוט קוקן. ווען זי האָט שוין דערזען דיִ שיִלד הענגען, האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיִט די קורצע הענט:

— אַפּיִלע אַ וויִוועסקע הענגט שוין.

פֿייגע-לייע האָט אויך אָנגעשטרענגט דיִ קאַליע אויגן און איִבער דיִ בריִלן געפּרוּווט עפּעס לייענען.

— איִר הערט, פֿייגע-לייע, מע מעג שוין פֿאַרוואַרפֿן דיִ ציין אַף דיִ באַנטעס, זעט נאָר זעט נאָר, וויפֿל אוילעם סע נעמט זיִך צונויף. מע האָט שוין קײַן צײַט ניִט...

קיִנדער מיִט מוטערס זײַנען זיִך צונויפֿגעלאָפֿן, מע האָט זיִך אָפּגעשטעלט קוקן אַף דער נײַער שיִלד, אַף דיִ פֿיִל אומבאַקאַנטע ווערטער, וואָס זײַנען געווען אויסגערעכנט, אַף דיִ מענטשעלעך, וואָס זײַנען געווען אָנגעמאָלט.

שיִמצע האָט זיִך הײַנט אָפּטער צוגעהאַלטן פֿאַר דער געשוואָלענער באַק, ער איִז אַלע ווײַלע צוגעלאָפֿן צו כאַלעמענדריִטשקען און זיִך געטרייסט:

— וואָס-זשע, אַפּיִלע אַף דיִ קוסטאַרן קומט שוין אַ מאַפּאָלע. פֿייגע-לייע,—שרײַט ער אַרײַן איִנעווייניִק,—אַ וואָילער באַלעבאָס אײַער זון. הערט נאָר, מע זאָגט, אַז מע וועט דאָ מאָרגן דאַרשענען, מיִניִנעס פּראַווען לעקאָוועד דער טאַבליִצע.

ביידע ייִדענעס שטייען דערשלאָגענע. זיי הערן גאָרניִט. פֿייגע-לייע האָט עפּעס געמיִשט אין אַ שיִסל און פֿון איִבער דיִ בריִלן געקוקט אַף שיִמצען.

— ניִשקאָשע—האָט שיִמצע פֿאַרזיִכערט—מע וועט אונדז אויך אַרײַנעמען אין קאָן.

דיִ ווייבער האָבן אופֿגעהויבן אַף איִם דיִ אויגן, פֿייגע-לייע האָט גענומען מיִטן פֿאַרטעך דיִ הענט אָפּוויִשן.

כאַלעמענדריִטשקע האָט זיִך צוגערוקט נעענטער צו שיִמצען, געקלאַפּט מיִט דיִ אַלטע אויסגעריִבענע און פֿאַרדאַרטע שטעקשיִך. דער קאָלבאַסניִק האָט זיִך שוין אויסגעקערעוועט אַף אַוועקצוגיין. האָט איִם כאַלעמענדריִטשקע אָפּגעשטעלט, ס'איִז איִר עפּעס אײַנגעפֿאַלן. זי האָט מיִט דיִ שטשוריִשע אויגעלעך מאַמזעריִש צו איִם אַ ווונק געטאָן:

— וואָס אַרט אײַך, איִר וועט שוין זען פֿאַרטיִקערהייט.

שיִמצע האָט אַף איִר געקוקט זייער פֿאַרווּנדערט, ער האָט אַזש אופֿגעעפֿנט דאָס מויל און זיִך אָפּגערוקט פּאַמעלעך צו זײַן שטעל.

אַפּמאָרגן האָט געמאַראָקעט אַ דריִבנער רעגנדל, קליינע קאַלוזשקעלעך האָבן געגלאַנצט פֿאַר דער קאָאָפּעראַטיִוו-טיִר, און קליינע קאַלוזשקעלעך האָבן זיִך אויך געמיִנעט אַביסעלע ווײַטער פֿאַר פֿייגע-לייעס טיִר. דער דריִבנער רעגן האָט געטאַנצט איִבער זיי, אָנגעפֿולט זיי, דערגאָסן. ס'האָט זיִך געדאַכט: דיִ קאַלוזשקעלעך שרײַען זיִך איבער, ווער פֿון זיי וועט גיִכער איִבערגיין, אַז דער רעגן גיִסט פֿאַר זיי גלײַך, סע גייט אַ געוועט, ווער פֿון זיי וועט גיִכער איִבערגיין. זײַנען זיי מיִט רעגן געווען פֿול מיִט אַן אויג. פֿונם קאָאָפּעראַטיִוו איִז אַרויס אַן אָנגעשטעלטער, אַראָפּ פֿון דיִ עטלעכע טרעפּלעך און מיִט אַ בעזיִם אַראָפּ-געטריִבן דאָס וואַסער, וואָס איִז אַרײַן איִן דיִ קאַלוזשקעלעך לעם פֿייגע-לייעס טיִר.

ס,איז שוין געווען נאָכן באַטאָגעדיקן הודאָק; אַרבעטער האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפֿזאַמלען באַם נײַ-געעפֿנטן קאָאָפּעראַטיוו. ווײַבער, קינדער, אַרבעטער, עלטערע און יונגע זײַנען אַהער געקומען געקוקט אין די פֿענצטער.

פֿון עטלעכע זײַטן האָט מען געהערט:

— עפּשער קאָן מען שוין אַרײַנגיין עפּעס קויפֿן, מאַכן אַ פּאָטשאַטעק.

זאָרקין מיט נאָך עטלעכע כאַווירים זײַנען באַלד אָנגעקומען, מע האָט באַקוקט די נײַע קלייט. זיי זײַנען אַרויף אַפֿן אויבערשטן שטאָק, באַלד צוריק אַראָפּ, צונויפֿגענומען די אַרבעטער. זאָרקין האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַף די טרעפּ. דערקלערט די פֿאַרזאַמלונג פֿאַר געעפֿנט. איינער האָט גערעדט פֿון אויספֿירקאָם, דערנאָך—נאָך אַ כאַווער, וואָס האָט פֿיל מאָל איבערגעכאַזערט דאָס וואָרט „זנאַטשיט”. צום סאָף איז אַרויס אַן אַרבעטער און דערקלערט:

— איר רעדט וועגן אַרבעטער-קאָאָפּעראַציע און אונטער אונדזערע נעזער האַנדלט מען מיט, דער רוּעך ווייסט וואָס, מיט גראָזן, רעצעפּטן. אונדזערע ווײַבער זײַנען נאָך אָפּגעשטאַנען, גייען זיי אַהינצו קויפֿן און פֿאַר איינוועגס קויפֿן זיי שוין פּראָדוקטן. לאָמיר אין הײַנטיקן יאָנטעוו—בעפֿיירעש אַ יאָנטעוו—האָט דערבײַ דער אַרבעטער געמאַכט מיט דער פֿויסט—אַרויסטרײַבן די באַבסקע מײַסעס מיט זייערע נעסטן.—און ער האָט געוויזן אַפֿן דערבײַיִקן קלייטל.

פֿון אַלע זײַטן האָט מען גענומען קוקן אַהין.

דער אַרבעטער איז געשטאַנען דעם קערפּער אַף פֿאָרויס אָנגעבויגן. דער קאָפּ איז אים אויסגעקומען אין אַ זײַט. ער האָט ווײַטער געזאָגט אַזוי:

— שוין עטלעכע מאָל האָבן מיר זיך וועגן דעם געווענדעט אין פּאָליקלינִיק צום דאָקטער, פֿאַרוואָס שווײַגט מען און מע לאָזט איבער אונטער דער נאָז דאָסדאָזיקע פֿוילע שמעקעכץ, באַבסקע מײַסעס. דאַלאָי! איינִיקע פֿון די פֿאַרזאַמלטע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין דער זײַטיקער קלייט.

כאַלעמענדריטשקע איז געשטאַנען אַף דער שוועל, זי האָט אַ געשריי געגעבן אין דער קלייט אַרײַן:

— פֿייגע-לייע, מע גייט אונדז ראַבעווען, שרײַט געוואַלד. נאָר ווען זי האָט דערזען, אַז די אַרבעטער זײַנען גאַנץ רויִק געשטימט, איז זי אַרויס מיט אַ כאַניפֿע-פּענימל און זיי גערופֿן:

— קומט אַרײַן, קומט אַרײַן, וואָס איר ווילט איז באַ אונדז פֿאַראַן.

קוילעס:

— ווער פֿאַרקויפֿט עס דאָ גראָזן און שמאַכטעלײַעס?

— אַנו, אַנו ווײַזט נאָר, וואָס איר פֿאַרמאָגט!

— וואָס דרייט איר אַ הִיטל מיט באַבסקע רעפֿועס.

כאַלעמענדריטשקע האָט געשמייכלט און נגייוויש גדרייט מיטן קאָפּ:

— וואָס רעדט איר, טאָוואַרישטשעס, באַ מיר איז דאָ צוקער, טיי, שפּראָטן, סאַרדינקעס און אַנדערע גוטע זאַכן.

— נו, און אונטער די פּאָליצעס? האָט איינער זיך געבויגן און געקוקט אַפֿן דיל אין ווינקל.

כאַלעמענדריטשקע האָט אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ אין טיר, וואָס פֿירט אין דער טיף פֿון קעלער.

— פֿייגע-לייע, וואָס באַהאַלט איר זיך דאָרטן? און צו די אַרבעטער מיט כאַניפֿע-שמייכלען:

— דאָס מאַכט זי,—געוויזן אַף פֿייגע-לייען,—די רעפֿועס—און אָט די קראָם איז מײַנע.

פֿון דרויסן האָט מען געהערט געשרייען.

— צו אַלדע רוכעס מיט אַזוינע לאַוואָטשקעס!
— אויסניזשען!
— וואָס האָט איר געשוויגן ביזאַהער!

פייגע-לייעס פּאָנים איז געווען איבערגעשניטן מיט דערשרעק. די אויגן זײַנען איר טיפער געוואָרן, די ברעמען אויסגעזען גרעסער. זי איז צוערשט אַרויס פאַר דער טיר און גענומען זוכן מיט די אויגן כאַניִנען—דעם זון. זאָרקין איז אָבער ניט געווען, ער איז ערגעץ געשטאַנען צווישן די אַרבעטער. פייגע-לייע איז צוריק אַראָפּ אין קעלער און האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף אַ זאַק מיט רעמיאָניק. זי האָט זיך געכאַזערט אָן אופהער! כאַניִנע, זון מײַנער, וואָס טוסטו מיט מיר? פאַרוואָס קומט עס מיר?

פּלוצים האָט זי דערהערט דעם זונס קאָל. ער רעדט פאַרן אוילעם. סע האָט איר אָנגע-הויבן קלאַפּן אין קאָפּ, אין האַרצן, די פיס זײַנען אָנגעפילט געוואָרן מיט שווערקײַט און פאַרשטיינערט געוואָרן. יעדעס וואָרט דעם זונס האָט איר געקלאַפּט אין קאָפּ. זי האָט גאָרניִשט ניט פאַרשטאַנען. פייגע-לייע האָט זיך אַ ריס געטאָן פונם זאַק און אַרויס צו דער טיר. אַ פולע קלייט און אַפולע שוועל מיט מענטשן און דעם זונס ווערטער איבער אַלעמענס קעפּ. אין דרויסן פּאַטשט מען בראַוואָ און מע שרײַט: פראַווילנאָ, פראַווילנאָ. אָט שנײַדט זיך אַרײַן דעם זונס קאָל:

— און אויב איר זאָגט וועגן דעם, אַז דאָ אונטער דער נאָז רויכערט מען קרײַטעכ-צער און מע פאַרטשאַדעט אײַערע אָפּגעשטאַנענע ווײַבער די קעפּ—איז ווער הייסט אײַך שווײַגן. מירן אײַך העלפן אין דעם, נאָר לאָמיר עס מאַכן אָרגאַניזירט.

פייגע-לייען פּיקט אין קאָפּ אַ געדאַנק: איכל צו אים אַף קעסט ניט גיין.

כאַלעמענדריטשקע באַ דער זײַט טרייסלט מיט די באַקן און שלעפּט די געשוואָלענע פיס פון איינעם צום אַנדערן.

— אַז וואָס האָט איר צו מיר.—און צו פייגע-לייען טײַנעט זי:
— זאָגט זיי, אַז ס'איז אײַערע גראָזן, מע וועט מיר נאָך צעטראָגן די קראָם.
— מירן אײַך ניט צעטראָגן, שרעקט זיך ניט—האָט זיך איינער פון די אַרבעטער אַרויסגעשטעלט,—מיר ווילן נאָר די גראָזן אויסניזשען.

כאַלעמענדריטשקע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער סטויקע, צו די פּאָליצעס, צענו-מען די הענט און ווי אַ קוואָקע, וואָס היט אירע הינדעלעך, האָט זי געשוועבט און איבער-געוואָרפן איר פולן קערפער פון איין פּאָליצע צו דער אַנדערער.

— פייגע-לייע,—שרײַט זי—פייגע-לייע, ווײַזט זיי אײַערע גראָזן.

אָבער פייגע-לייע רירט זיך ניט פונם אָרט. זי איז געשטאַנען דערשלאָגן, זיך ניט גע-ווּסט ווּ צו רירן, זי האָט געהאַלטן אין איין רוקן די אַרויסגעפאַלענע האָר אונטערן טיכל

כאַלעמענדריטשקע האָט מיט קאַעס אַ קוק געגעבן אַף פייגע-לייען, דערנאָך צוגעלאָפן צו איר, זי עטלעכע מאָל אַ ריס געטאָן באַ די אַרבל, געזען סע נעמט זי ניט, האָט כאַלע-מענדריטשקע געכאַפּט אַ זעקל מיט רעמיאָניק, צי מיט אַן אַנדער מין גראָז און אַ שמיץ געטאָן צו די אַרבעטער. דערנאָך טראָגט זי אַרויס אַ פולע שיסל, און טוט אַ שטאַרקן קנאַק מיט איר איבער דער סטויקע, סע האָט זיך אויסגעפליוסקעט עפּעס אַ געלבלעכע שיטערוכע.

— נאַט,—האָט כלעמענדריטשקע שווער אָפּגעאָטעמט—פאַרנעמט עס אײַך און פּאָטער.

די אַרבעטער האָבן עס באַטראַכט, געפּרוּווט אַף די פינגער, געשמעקט. יעדערער האָט זיך פאַרקרימט און אַרויסגערוקט אינדרויסן. ווען דער אוילעם האָט זיך שוין געהאַט פאַ-נאַנדערגעגאַנגען, האָט כאַלעמענדריטשקע געזאָגט צו פייגע-לייען:

— פאָלגט מיך, פאָרט צו פּעטראָווסקין אין כאַרקאָוו, אַסאַך יידן העלפט ער, דערציילט אים, אַז מע האָט באַ אײַך געמאַכט אַ פּאָגראָם אין מיטן העלן טאָג.

געשוויגן און צוגעגעבן:

— אַז מע האָט אַן אייגענעם זון אַ רויצייעך.

פייגע-לייע איז געזעסן, אונטערגעשפּאַרט מיט די דאַרע לאַנגע הענט די אײַנגעפאַלענע באַקן. זי האָט געענטפערט קאַלטבלוטיק, געטרייסלט מיטן קאָפּ:

— איך וועל צו כאַניִנען ניט גיין עסן קעסט.

דער רעגן האָט שטאַרקער געמאַראַקעט, דאָס קאַלוושקעלע באַ דער טיר האָט זיך אָנגעהויבן אָנפילן איבער די ברעגעס. די טירן זײַנען שוין געווען אָנגעטאָן פונויבן ביז אַראָפּ מיט נעץ. פאַר דער טיר זײַנען געלעגן צעברעקלט בלעטלעך און גרעזלעך, צעטראָטענע און צעפּלעטשטע. זיי האָבן אויסגעזען, ווי אָפּגעשלאָגענע צוריבענע הוישײַנעס. דער רעגן פאַלט אַף די בלעטלעך מיט אַ הילכיקן קלאַפּ.

כאַלעמענדריטשקע איז אַרויס אַף דער טיר, פאַריסן דאָס פּאָנים צו די טרעפּ פונם קאָאָפּעראַטיוו, געקוקט אַ פּאָר מינוט און געזאָגט ווי צו זיך אַליין:

— אַ פולער קאָאָפּעראַטיוו. מע שטייט שוין אין אָטשערעד, סע זאָל זיי נאָר פאַרשטערט ווערן.

6

אָפּדערנאָכט האָט זיך כאַלעמענדריטשקע אָוועקגעשלעפּט צו שימצע קאָלבאַסניק אַהיים, ווײַט הינטער דער גרעבליע. זי האָט געטראָפן דעם קאָלבאַסניק שלאָפן, האָט זי אים אַ ציִ געטאָן באַם רויטן טיכל אַף דער באַק. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

זי האָט אים גלײַך געפרעגט:

— ווו זײַט איר עס געווען בעשאַס דער גאַנצער כאַסענע?

— כ'וועל אײַך זאָגן דעם עמעס,—ציט זיך פון שלאָף דער קאָלבאַסניק,—איך האָב צוגעקנאַקט דאָס שטעלכל און בין געשטאַנען און געהערט ווי מען דאַרשנט.

— וואָס רעדט איר,—קלאָגט זיך די יידענע,—זיי האָבן שיר קײַן פּאָגראָם ניט געמאַכט איר האָט כאָטשבע געזען די מעכיע, וואָס באַ זיי אין קלייט.

די יידענע און דער ייד האָבן נאָכדעם אָפּגעשוויגן עטלעכע מינוט.

דער קאָלבאַסניק האָט געוואַרט עפּעס פון כאַלעמענדריטשקען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז גלאַט אַזוי איז זי צו אים ניט געקומען. דעריבער האָט ער אָנגעגאָסן צוויי גלאָז טיי, אַוועקגעשטעלט אַפן טיש און געבעטן זי טרינקען.

כאַלעמענדריטשקע האָט פאַרדעכטיק אַ קוק געטאָן אין אַלקערל, ווו סע האָט זיך געדרייט אַ דאַר ווײַבל און געלייגט אַ קינד שלאָפן. דערנאָך האָט זי זיך אָנגעבויגן צום קאָלבאַסניקס אויער:

— סע אַרט אײַך גאָרניט, שימצע—אַף די וואָנצעלעך באַ איר שוויס. פון דעם וואָרעמען טיי בליט איר דאָס רויטע פּאָנים.

שימצע האַלט אין דער האַנט אַן אײַנגענעצט שטיקל צוקער, קרישעט עס אַף קליינטשיקע פיציגקעלעך, ער דרייט מיט די ליפּן:

— וואָס וועל איך אָנווערן... און וואָס זאָל איך טאָן.

דעמלט האָט זי זיך בעענטער צוגעבויגן צו זײַן אויער און אים עפּעס אַ זאָג געטאָן אַזוינס, פון וואָס דער קאָלבאַסניק איז אויפגעשפּרונגען אַן איבערגעשראָקענער.

— גייט שוין אַוועק, וואָס רעדט איר?

כאַלעמענדריטשקע האָט ווידער געכאַפּט אַ קוק צום אַלקערל און אומרויִק געציילט ווערטער:

— הערט זשע, שימצע, איך וועל אײַך לאַנג ניט אײַנריידן. אויב איר לאָזט זיי מיר אַוועק מיטן פײַער, קריגט איר באַ מיר... און זי האָט ווידער זיך אָנגעבויגן צו זײַן אויער, וואָס האָט געפלאַמט און געווען רויט, ווי צונטער.

דער ייד האָט זיך אויסגעריסן פון איר:

— גייט שוין אַוועק. אַלציינס, ציַנדס יאָ, ציַנדס ניט. גאָט באַוואַר, טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר.

— זע נאָר, זע,—האָט זיך כאַלעמענדריטשקע צעשריִען,—מע וואָלט געקאָנט מיינען, אַז איך קוילע איִם די קאַפּאָטע. איִכל קריִגן אַן אַנדער באַלן.

— קריגט, קריגט—בייזערט זיך שימצע,—מיט וואָס ביִן איך בעסער פון קיִווען, ער איִז שוין אַ טשלען סאָיוזאַ, באַקומט זיך זיַינע סכירעס און פּאָטער.

— איר וועט נאָך גיין איִן די היַיזער, שימצעניו, און איך האָב געזונטע פּלייצעס, איִך וועל זיי איבערוואַרטן, ניִשקאָשע—די יידענע האָט אַ קנאַק געטאָן מיט דער טיר און אַרויס אין רעגן און איִן נאַסקייט.

פון דעם אַלקערל האָט שימצעס דאַר וויַיבל אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ.

— גאָרניט, גאָרניט,—האָט שימצע באַרויִקט. ער האָט געענדיקט טריִנקען זיַין טיי. ער איז געווען רויט, זיך געוויִשט פונם קאַרק דעם שוויס. ער האָט געפּרווט אַ שמועס פאַר-פירן מיטן וויַיבל:

— פאַרשטייסט, איך זאָל גיין איִן קאָאָפּער... מיך קוים דערטאַפּט. איכל גאָרניט האָבן אויסער בויך-ווייטיק. אַלציינס דערשטיקט, זי, זעסטו, איִז עפּעס אַנדערש—ער האָט זיך אום-געקוקט, אַז דעם וויַיבלס קאָפּ האָט זיך שוין אַרײַנגעגליטשט אין אַלקער-טירל, ער האָט זיך צוריִק אַוועקגעלייגט איִן אָנטאָן אַפּן קאַנאַפּקעלע.

איִנדרויסן האָט זיך דער רעגן געשטאַרקט און געקלאַפּט, וועקנדיק איִן די לאָדן.

נאָך דעמזעלבן באַנאַכט, האָט דער נאַכט-שוימער פאַרהאַלטן זייער אַ פאַרדעכטיקטע פיגור, וואָס האָט זיך געדרייט באַם קאָאָפּעראַטיִוו. מ׳האָט באַם פאַרדעכטיקטן געפונע אַ פולע באַנקע מיט קעראָסין.

און אַז סע האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט אונטער די שכיינעסדיקע פאַרקנס און מויערן זיך אַרומגעדרייט כאַלעמענדריטשקע, געשלעפּט די שווערע פיס און געזוכט אַ פלאַם, אָדער כאָטשבי אַ פאַרדעכטיק רויכל. זי האָט אָבער געזען נאַסע ווענט, וואָס זיַינען פאַר דער רעגנדיקער נאַכט ווי געשוואָלן געוואָרן, די שילדן אַף דער קאָאָפּעראַטיִוו-טיר האָט גע-גלאַנצט מיט אַ נאַסן גלאַנץ און נאָך געטראָגן אַף זיך דעם יאָנטעוו.

איִן דעם טאָג איִז שוין פייגע-לייע ניט געקומען צו אירע גראָזן. באַטאָג, ווען מ׳איִז געקומען אַרעסטירן כאַלעמענדריטשקען, האָט זי געפונען אַן אייצע:

— וואָס,—האָט זי זיך געבייזערט אַפּן מיליציאָנער,—איר פאַרשטייט ניט ווער אַרבעט סע איִז?—זי האָט אָנגעוויזן אַף פייגע-לייען—אַ סימען, זי איִז ניט געקומען.

דער מיליציאָנער האָט זיך ניט צוגעהערט צו איר. כאַלעמענדריטשקע האָט אָנגעטאָן די נאַסע שאַל, וואָס איִז געווען אָנגעווייקט נאָך פון נעכטיקן אַפדערנאַכטיקן אַרומגיין, אופ-געהאַנגען דעם בײַכיקן שלאָס אַף דער קלייט-טיר און אַוועק מיטן מיליציאָנער.

שימצעס לייזונג האָט אָנגעהויבן גיין שוואַך. ער איִז גאַנצע טעג געשטאַנען און גע-קוקט אַף די רייען, וואָס האָבן זיך געשלענגלט איִן דער קאָאָפּעראַטיִוו-קלייט. ער פלעגט זיך אָפּט אומעטיק פאַרטראַכטן, קוקנדיק צום שלאָס, וואָס הענגט אַף דער כאַלעמענדריטש-קעס טיר.

פאַר אַ כאַריפּעס האָט ער זיך אַרײַנגעכאַפּט איִן קאָאָפּעראַטיִוו, זיך געשטעלט איִן איינער פון די רייען:

— איך וויל אומיסטן זען, וואָס לויפט מען אַזוי אַהער ווי נאָך מאַצע-וואַסער—האָט ער זיך געטראַכט.

זיַין ריי איִז צוגעקומען, דער אָנגעשטעלטער האָט איִם דערקענט:

— וואָסי, שימצע, אויס קראָם?

— ניין—בולקעט אַרויס פֿון שימצעס געשוואָלענער באַק—איך וויל פֿאַרזוכן דעם קאָלבאַס. וועג מיר אומיסטן אָפּ אַ פֿערטל פֿון דעמדאָזיקן אָ—ער ווײַזט אַף אַ סאָרט, באַצאָלט, נעמט ער אים באַטראַכטן, קוקט אַף אים מײַסע מייון, קוועטשט אים אין די רויטע הענט:

— גוטער קאָלבאַס, ווי איך בין אַ ייִד, נאַסטאָיאַשטשי קאָלבאַס.

ער גייט אַרויס פֿון קלייט, באַקאַנטע קוינים באַגעגענען אים:

— שימצע, שוין געוואָרן דאָ אויך אַ קוינע.

יענער בלאָנדער מיטן טשוב דערזעט אים, רייצט ער זיך מיט אים:

— שימצע פופיק, האָסט שוין צוגעגרייט אַ שלעסעלע?

דער ייִד ענטפֿערט גאָרניט, ער האָט אַרײַנגערוקט אַ שטיק קאָלבאַס אין מויל, די געשוואָלענע באַק הויבט זיך ווי אַ שטיק פלוסטער.

ווען ער קומט צו צו דער שטעל, זעט ער פֿייגע-לייען שטיין אָנגעטאָן אין אַן אַלט-מאָדישן רעקל. זי האָט איצט אויסגעזען באַזונדערס שטרענג און געקוקט גלײַכגילטיק דורך די ברילן. שימצע באַטראַכט זי:

— שוין, איר זײַט שוין באַם זון, פֿייגע-לייע?

— כאָלילע—קנייטשט זי מיט די שפּיציקע אַקסל—איך אַרבעט קאָנווערטן באַ פּייסי קאָנווערטניק און פֿאַרדין 8 רובל אַ כוידעש. איך נויטיק זיך ניט אין זונס קעסט.

— אַזוי,—מורמלט שימצע,—און צום זון טאַקע לוי.

דערנאָך האָט פֿייגע-לייע געוויזן אַפֿן שלאָס, וואָס אַף איר קלייט-טיר:

— זי זיצט, אַ?

— יאָ—שאָקלט שימצע מיטן קאָפּ—זי מעג זיצן. זי האָט פֿאַרדינט.

צו דער קלייט איז צוגעפֿאָרן אַ פֿור פֿון אַ באַקאַנטן פויער. דער פויער האָט לאַנג געקוקט אַפֿן שלאָס, זיך אַרומגעקוקט, דערזען פֿונדערווײַטנס פֿייגע-לייען. ער האָט צו איר געמאַכט מיט דער האַנט, געוויזן אַף גראָזן, וואָס ער האָט צו איר געבראַכט. פֿייגע-לייע האָט זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק און איז אַוועק. דער פויער האָט זיך געכידעשט. שימצע האָט אים מיט די אויגן געוויזן אַפֿן קאָאָפּעראַטיוו און אַ זאָג געטאָן:

— קאָנטשענאָ.

דער פויער האָט פֿאַרשטאַנען, זיך אופֿגעזעצט צוריק אַפֿן פֿורל און אַוועקגעפֿאָרן.

---

אין אַ כוידעש אַרום איז אַף שימצעס שטעל שוין אויך געהאַנגען אַ שלעסעלע. ביידע שלעסער—כאַלעמענדריטשקעס און שימצעס—האָבן געזשאַווערט.

אונטער טאָג, אונטער נאַכט, אונטער רעגן האָבן זיי אויסגעזען ווי פֿאַרקלעמטע מײַז, וואָס האָבן פֿאַרציאַפּעט די ציין מיטן זשאַווער און זיך געוואָרגן.

אַ. וואָלאָברינסקי.

# די גרונט־שטריכן פֿון רעכטן אָפּנויג.

ווען מיר ריידן בײַ הײַנטיקן טאָג וועגן ווּקס פֿון אונדזער ווירטשאַפֿט, ווען מיר הערן אויס אַ באַריכט וועגן דעם ווּקס פֿון די אָדער יענע געביטן אין אונדזער ווירטשאַפֿט, לאָמיר זאָגן פֿאַר אַ יאָר צײַט, וואָס אינטערעסירט אונדז דענסטמאָל?

ערשטנס אינטערעסירט אונדז צו וויסן דעם אַלגעמיינעם באַלאַנס פֿון דער פּראָדוקציע אין דעם אָדער אין יענעם געביט: פֿאַראַיאָרן איז געווען אַזויפֿיל פּוד ברויט, הײַנטיקס יאָר איז פּראָדוצירט געוואָרן אַזויפֿיל, ווילן מיר וויסן וויפֿיל מערער; פֿאַראַיאָרן איז פּראָדוצירט געוואָרן אַזויפֿיל מעטער סכוירע, הײַנטיקס יאָר אַזויפֿיל.

פֿון דער אַנדער זײַט פֿאַרגיבן מיר שטענדיק פֿאַר זיך אַ צווייטע פֿראַגע. אונדז איז ווייניק צו וויסן וויפֿל פּוד ברויט איז געווען פֿאַראַיאָרן און וויפֿל פּוד ברויט איז הײַנט. ווי וויכטיק עס זאָל דאָס ניט זײַן, איז עס פֿאַר אונדז קנאַפּ, בכדי צו מאַכן אַ געוויסן אויספֿיר. אונדז אינטערעסירט נאָך וועמעס ברויט. צי די אָרעם־מיטל־פּויערישע, צי קולאַקישע, צי אינדיווידועלע, צי קאָלעקטיווע. אונדז איז קאַרג צו וויסן דעם אַלגעמיינעם באַלאַנס פֿון דער פֿאָלקווירטשאַפֿט, מיר שטעלן די פֿראַגע: וועלכע ווירטשאַפֿטן—צי דער סאָציאַליסטישער סעקטאָר, צי דער פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטישער, און פֿון יעדן אונדזערן פּלאַן, פֿון יעטווידן אונדזער באַריכט פֿאָדערן מיר, אַז ער זאָל געבן אונדז אַן ענטפֿער אַף די צוויי פֿראַגן: וויפֿל וועט זיך בכלל פֿאַרגרעסערן און וואָס וועט זיך פֿאַרגרעסערן—דער אַלגעמיינער סכום און די צווישנבאַציונגען צווישן סאָציאַליסטישן סעקטאָר און פּריוואַטן.

ווען אונדזערע קאָנטראָל־ציפֿערן, דער 5־יאָריקער פּלאַן וואָלטן געגעבן אַן ענטפֿער בלויז אַף דער פֿראַגע, אַז אין 32־טן יאָר וועט דער אַלגעמיינער סכום אין לאַנד פֿאַרגרעסערט ווערן אַף אַזויפֿיל און אַזויפֿיל, די אַלגעמיינע פּראָדוקציע אַזוי און אַזוי, און דערבײַ וועט ניט געזאָגט ווערן, אַף וועלכע סאָציאַלע יעסוידעס וועט פֿאָרקומען אָט די ברויט־פּראָדוקציע, צי די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע, וואָלט אונדז אַזאַ פּלאַן ניט באַפֿרידיקט. מיר וואָלטן דאַן געהאַט אַן ענטפֿער אַף דעם, אַז מע וואַקסט, מיר וואָלטן ניט באַקומען קיין טשוועה וואוהין מיר וואַקסן. אין דער ווירקלעכקײַט גיט אונדז דער 5־יאָריקער פּלאַן אַ טשוועה אַף די ביידע פֿראַגן, צ. ב. די פּראָדוקציע פֿון דער גאַנצער פֿאָלקווירטשאַפֿט וועט אין סאָף פֿון 5־יאָריקן פּלאַן אויסוואַקסן קימאַט ווי אין 3 מאָל. האָבן מיר דאָ אַן ענטפֿער אַף דער פֿראַגע: וויפֿל. אָבער איינציײַטיק דערמיט גיט אונדז דער 5־יאָריקער פּלאַן אַן ענטפֿער אויך אַף דעם, אין וואָס פֿאַר אַ ריכטונג וועט גיין דער ווּקס. עס וועט געענדערט ווערן דער ספּעציפֿישער געוויכט פֿון דער אינדוסטריע און פֿון דער דאָרפֿישער ווירטשאַפֿט. אויב איצט באַטרעפֿן די גרונט־פֿאָנדן פֿון דער פּראָדוקציע אין דרײַ מאָל ווייניקער ווי די גרונט־פֿאָנדן פֿון דער ערד־ווירטשאַפֿט, וועט זיך עס אין 5 יאָר אַרום קימאַט ווי אויסגלײַכן, אַזוי, אַז דער 5־יאָריקער פּלאַן מערקט ניט אָן פּאַשעט דעם ווּקס פֿון די פּראָדוציר־קויכעס פֿון דער פֿאָלק־ווירטשאַפֿט, נאָר אַ ווּקס אין דער

ריכטונג פֿון פֿאַרוואַנדלען אונדזער לאַנד פֿון אַן אַגראַר-אינדוסטריעלער אין אַן אינדוסטריעל-אַגראַרער. דאָס הייסט, עס ווערט פֿאָרויסגעזען אַן אייכעסדיקע ענדערונג אין דעם וווּקס. דער פֿינפֿיאָריקער פּלאַן זאָגט אונדז, אַז אויב בײַ היינטיקן טאָג באַטרעפֿן די גרונט-פֿאָנדן פֿון סאָציאַליסטישן סעקטאָר 52% פֿון דער גאַנצער פֿאָלק-ווירטשאַפֿט, וועלן זיי אין סאָף פֿון פֿינפֿיאָריקן פּלאַן באַטרעפֿן 69%. ווידעראַמאָל האָבן מיר דאָ פֿאַר זיך ניט נאָר אַ וווּקס ביכלאַל, נאָר אַ וווּקס אין אַ געוויסער ריכטונג. דער סאָציאַליסטישער סעקטאָר וועט באַדײַטנדיק איבערוועגן דעם פּריוואַטן. דידאָזיקע ציפֿער פֿון 5-יאָריקן פּלאַן ריידן ניט נאָר וועגן אַ וווּקס פֿון פּראָדוציר-קויכעס ביכלאַל, נאָר אויך, און דאָס איז דער איקער, וועגן אַן ענדערונג אין די פּראָדוקציע-באַציונגען, וועגן סאָציאַלע איבערגרופּירונגען (СДВИГИ).

איצט לאָמיר זאָגן, וואָס וואָלט זיך אין דער פּראַקטיק באַקומען, ווען מיר זאָלן וועגן דעם פֿאַרגעסן, וואָס וואָלט אַ שטייגער געווען, ווען אין אונדזער פּאָליטיק וואָלט אונדז אינטערעסירט בלויז איין זאַך—דער אַלגעמיינער סכום פֿון דער פּראָדוקציע און מיר וואָלטן זיך אַבסטראַגירט, אָדער דערווײַטערט פֿון זיך די פֿראַגע וועגן איבעראַנדערשן די פּראָדוקציע-באַציונגען. הייסט עס, מיר ווילן, אַז די סומע ברויט אין לאַנד איבעראַיאָר זאָל זײַן אַ גרעסערע ווי היינטיקס יאָר, אַף וואָס פֿאַר אַן אויפֿן, וועמעס ברויט, דאָס קימערט אונדז ניט. אויב דער קולאַק קאָן אונדז געבן מער ברויט, זאָל זײַן אַ קולאַקישער, „זאָל זײַן פֿון יאָוון, אַבי צום לעבן". אונדז אינטערעסירט, זאָל זײַן מער מאַנופֿאַקטור. וועמעס קימערט אונדז ווידער ניט. אויב דערצו קאָן „דינען" און „מיטהעלפֿן" דער פּריוואַטער אינדוסטריעלער, טאָ זאָל זײַן ער. קלאָר, אַז בײַ אַזאַ שטעלונג פֿון דער פֿראַגע, וואָלט מען געקומען צו אַ גאַנץ רעאַלער געפֿאַר, אַז די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן וועלן גויווער זײַן די סאָציאַליסטישע. ווער שטעלט אַזוי די פֿראַגע? עס איז ניט שווער אָנצושטויסן זיך, אַז אין דעם באַשטייט דער טאָך פֿון דעם רעכטן אָפּנויג.

אַלזאָ, דער טאָך פֿון רעכטן אָפּנויג, דער אויסגאַנג-פּונקט זײַנער באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס ער רײַסט אָפּ די אויפֿגאַבע פֿון הייבן די פּראָדוציר-קויכעס, פֿון דער אויפֿגאַבע צו ענדערן די פּראָדוציר-באַציונגען. ער רײַסט אָפּ די אויפֿגאַבע פֿון בויונג, פֿון דעם סאָציאַליסטישן כאַראַקטער פֿון דערדאָזיקער בויונג. ענדערן די פּראָדוקציע-באַציונגען, ענדערן דעם סאָציאַליסטישן כאַראַקטער פֿון דער ווירטשאַפֿט, דאָס הייסט קלאַסן-קאַמף אין דעם סאַמע אויסגעשפּראָכענעם זין, ווײַל עס ווערן דאָך ניט גענומען אַבסטראַקטע פּראָדוקציע-באַציונגען און זיי ווערן געענדערט. עס ווערן דאָך גענומען לעבעדיקע מענטשן, וואָס זיי זײַנען פֿאַרינטערעסירט אין האַלטן זיך בײַם קאַפּיטאַליזם, און דידאָזיקע לעבעדיקע מענטשן דאַרף מען צעקלאַפּן, אַרויסשטויסן, באַקעמפֿן. בײַם דער רעכטער אָפּנויג אַבסטראַגירט זיך פֿון דער אויפֿגאַבע צו איבערמאַכן די סאָציאַלע באַציונגען אין לאַנד, הייסט עס קלאָר און דײַטלעך, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פֿון קלאַסן-קאַמף. בײַ אים איז אונדזער בויונג אַ ריין טעכנאָלאָגישע אויפֿגאַבע. אַ פֿראַגע פֿון געזעלשאַפֿטלעכער טעכנאָלאָגיע. בײַ אונדז איז דאָס אַ פֿראַגע פֿון סאָציאַליסטישער בויונג, אַ פֿראַגע פֿון קלאַסן-קאַמף.

דאָ זעען מיר פֿאַר זיך די גײַסטיקע קרויוועשאַפֿט צווישן דעם רעכטן אָפּנויג און צווישן דעם „אולטראַ לינקן"—דעם טראָצקיזם. סײַ די, סײַ יענע אָנטהאַלטן אין זיך איין אַלגעמיינעם מאָמענט, דאָס איז, דאָס אַראָפּרײַסן די אויפֿגאַבע פֿון קלאַסן-קאַמף אין דער אויפֿגאַבע פֿון בויונג.

דער רעכטער אָפּנויג זעט פֿאַר זיך בויונג ביכלאַל, אַ פֿאַרעוון איניען, וואָס האָט קלוימערשט צו קלאַסן-קאַמף קיין שום שײַכעס ניט, ווען דער טראָצקיזם שרייט און פּילדערט וועגן קלאַסן-קאַמף, רײַסט ער אויך אָפּ קלאַסן-קאַמף פֿון אונדזער בויונג, ער לייקנט דעם געדאַנק, אז אונדזער בויונג איז קלאַסן-קאַמף.

אָבער ווי אַזוי קאָן עס דער רעכטער אָפּנויג אָפּלייקענען די אויפֿגאַבע פֿון קלאַסן-קאַמף? קלאַסן-קאַמף איז דאָך ניט קיין שפּילקע, וואָס מען קאָן דאָס באַהאַלטן, ווי אַזוי-זשע קאָן מען פֿאַרגעסן אַזאַ „קלייניקייט". דער רעכטער אָפּנויג שלעפּט דאָ אַרויס פֿון זיין אַרסענאַל די טעאָריע וועגן אויסלעשונג פֿון קלאַסן-קאַמף אין זיין „אָריגינעלן" טייטש פֿון דער פֿראַגע ווער וועמען.

אין 21-טן יאָר האָט לענין כאַראַקטעריזירט אונדזער לאַגע מיט אַ קורצער פֿאָרמול: ווער וועמען? ווער וועט וועמען גיוועט זיין. צי די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן די סאָציאַליסטישע, צי פֿאַרקערט. דער רעכטער אָפּנויג זאָגט איצט, אַז די פֿראַגע: ווער וועמען — איז שוין איצט אינגאַנצן אַראָפּגענומען פֿון טאָג-סיידער. דער רעכער אָפּנויג מאַכט דאָ אַן אַרכי-אָפּטימיסטישן פֿאָקוס. אין 21-טן יאָר האָט נאָך געקאָנט שטיין און געדאַרפֿט שטיין די פֿראַגע וועגן ווער וועמען, ווייל מיר זיינען געווען שוואַך און די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן זיינען געווען שטאַרק. וואָס איז שאַיעך איצט, זיינען מיר שוין אַף אַזויפֿיל אויסגעוואַקסן, אַז מיר האָבן שוין ניט וואָס מוירע צו האָבן פֿאַר די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן. אַף וויפֿל מיר זיינען שוין גאַראַנטירט מיטן ניצחון פֿון סאָציאַליזם קאָנען מיר זיין אַף שטענדיק רויק. פֿון דערדאָזיקער אויסערסט „אָפּטימיסטישער" באַהויפּטונג ווערט געמאַכט פֿאָלגנדיקער אויספֿיר: ווי באַלד דער קאַפּיטאַליזם איז סיי ווי אַ דערשלאָגענער, איז ניט קיין געפֿאַר, אויב מען וועט אים אויפֿהערן צו שטיקן, אַף פּראָסט לאָשן הייסט עס, אַז אַ דערשלאָגענעם שלאָגט מען ניט. מעמיילע קאָן מען און מען דאַרף אָפּלאָזן די לייצעס, זאָלן די פּריוואַט-קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן זיך אַנטוויקלען.

צי דערמאָנט אונדז ניט דערדאָזיקער מאַנעוור דעם געוויינטלעכן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן שפּיצל. דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיזם גייט אויך אַרויס פֿון אַ אַנאַלאָגישער אַרכי-אָפּטימיסטישער קאָנסטאַטירונג. דער קאַפּיטאַליזם מוז ברענגען צום סאָציאַליזם. דער קאַפּיטאַליזם אַליין ווערט פֿאַרוואַנדלט אין סאָציאַליזם. מעמיילע איז ניטאָ וואָס צו שלאָגן זיך פֿאַר סאָציאַליזם, ניטאָ וואָס צו קעמפֿן מיט דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם (זי וועט סיי ווי אונטערגיין) און דערווייל קאָן מען מיט איר מיטאַרבעטן...

ווייטער גייט די באַוווסטע טעאָריע וועגן דער אויסלעשונג פֿון קלאַסן-קאַמף. דער סייכל פֿון דערדאָזיקער טעאָריע איז בעערעך אַזאַ: מיר גייען פֿון קלאַסן-געזעלשאַפֿטן צו אויס-קלאַסן-געזעלשאַפֿט. מיר גייען פֿון קלאַסן-קאַמף צו אַזאַ געזעלשאַפֿט, וווּ קיין קלאַסן-קאַמף וועט ניט זיין. הייסט עס, אַז אונדזער גיין פֿאָרויס וועט שטענדיק באַגלייט ווערן מיט אַ טענדענץ, וואָס דער קלאַסן-קאַמף וועט ווערן אַלץ קלענער און קלענער, ביז ער וועט אינגאַנצן באָטל ווערן. פֿון יאָר צו יאָר וועט דער קלאַסן-קאַמף ווערן שוואַכער, פֿון יאָר צו יאָר וועלן מיר זיך אַלץ מער דערנעענטערן צום ענדע ציל, וווּ קיין קלאַסן-קאַמף וועט אינגאַנצן ניט זיין. פֿון אַזאַ מין טעאָריע דרינגט אַרויס אַ קלאָרע, פּראַקטישע ליניע וועגן דער פֿרידלעכער אַריינוואַקסונג פֿון קולאַק אין דעם סאָציאַליזם.

אויך אין דערדאָזיקער טעאָריע זעען מיר אַ טעאָרעטישע קרוווועשאַפֿט מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. די סאָציאַל-דעמאָקראַטן שטעלן אַנטקעגן די מאָנאָפּאָליסטישע טענדענצן פֿון קאַפּיטאַליזם בייסן אימפּעריאַליזם צו דער קאָנקורענץ אין דעם לאַגער פֿון קאַפּיטאַליזם. אויב מאָנאָפּאָליסטישע טענדענצן — איז ניטאָ קיין קאָנקורענץ, אויב די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפֿט ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער טרעסטירט און פֿאַרייניקט, הייסט עס, אַז וואָס ווייטער ווערט אַלץ מער אָפּגעשוואַכט די קאָנקורענץ צווישן זיך. מיר גייען, זאָגן די ס״ד, — צו אַזאַ צייט, וואָס די ווירטשאַפֿט וועט ווערן מאַקסימאַל מאָנאָפּאָליזירט, מיט יעדן טאָג, מיטן יעדן יאָר (פּונקט ווי די זעלבע לאָגיק בײַ אונדזערע רעכטע אָפּנויגלער) דערנעענטערן מיר זיך אַלץ מער דערצו, אַז מיט יעדן טאָג ווערן אַלץ שוואַכער די סטירעס. דער לעניניזם, ווי באַוווּסט, זאָגט פּונקט קאַפּויר. טאַקע אַף דעם פֿאָן פֿון טרעסטירונג, אַפֿן פֿאָן פֿון מאָנאָפּאָליסטישע טענדענצן, אַפֿן פֿאָן פֿון אָפּשטאַרבנדיקער „פֿרייער קאָנקורענץ"

ווערן איצט שאַרפער און עס נעמען אָן אַ גרעסערן פאַרנעם די סטירעס צווישן באַזונדערע גרופּן אין דעם קאַפּיטאַליזם. דאָ איז שוין כאַראַקטעריסטיש ניט די צעשפּליטערטע „פרייַע קאָנקורענץ“, נאָר דער קאַמף פאַר איבערטיילן די וועלט. די סטירעס נעמען אָן אַ מער ערנסטן, דראָענדיקן כאַראַקטער.

אויך די רעכטע אָפּנויגלער שטעלן אַנטקעגן דעם וווּקס פון סאָציאַליסטישן סעקטאָר צו דעם קאַמף צווישן אים מיט די פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן. זיי פאַרגעסן אָבער און ווילן פאַרגעסן, אַז אונדזער אָנגריף רופט אַרויס אומפאַרמייַדלעכע פּרוּוון פון אַ קאָנטראָנגריף, וואָס ווייַטער, אַלץ אין א מער פאַרביסענער פאָרם מיצאַד דעם קלאַסן-סוינע. דער וועג צום סאָציאַליזם, דער וועג צו דער געזעלשאַפט, ווו עס וועלן ניט זיין קיין פּריוואַט-קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, ווו עס וועט ניט זיין קלאַסן-קאַמף, ליגט דורך אַ פאַרשאַרפטן קלאַסן-קאַמף.

מען קאָן אונדז זאָגן, אַז דער בייַשפּיל מיט די מאָנאָפּאָליסטישע טענדענצן, איז ניט קיין פּינקטלעכער, ווייַל דאָרט ווערט גערעדט וועגן קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגען און דאָ ווערט גערעדט וועגן באַדינגונגען פון סאָוועטנמאַכט. אָבער אינרערעמעסן, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס די סיטואַציע איז דאָ אַ פאַרשיידענע, איז די לאָגיק, די מעטאָדאָלאָגישע פּרינציפּן איינע און דיזעלבע סיי דאָ און סיי דאָרטן, דיזעלבע לאָגיק, וועלכע שטעלט אַנטקעגן מאָנאָפּאָליסטישע טענדענצן צו פאַרשאַרפטע סטירעס, דיזעלבע לאָגישע האַנאָכעס ליגן אין גרונט פון אַנטקעגנשטעלן סאָציאַליסטישע בויונג צום קלאַסן-קאַמף צווישן אים מיט דעם פּריוואַט-קאַפּיטאַליסטישן סעקטאָר.

אַגעוו (וועגן וואָס וועלן מיר ריידן געוני שפּעטער) איז דאָך דער רעכטער אָפּנויג טאַקע געקומען צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער טעאָריע וועגן דער אפּשטאַרבונג פון די אינעווייניקסטע סטירעס אין באַזונדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. מיר מיינען דאָ די טעאָריע וועגן „אָרגאַניזירטן קאַפּיטאַליזם“. מיר ווילן דאָ אויפדעקן די פעדימער, וועלכע בינדן צונויף דידאָזיקע טעאָריע מיט דער לערע וועגן אויסלעשונג פון קלאַסן-קאַמף בא אונדז אין לאַנד.

---

דער רעכטער אָפּנויג אָפּעריִרט גאַנץ אָפט מיט פאָלגנדיקע אַרגומענטן, אַז דער, וואָס לייקנט אָפּ דעם געדאַנק וועגן אויסלעשונג פון קלאַסן-קאַמף, דער, ווער עס זעט פאַר זיך אומויפהערלעכע פאַרשאַרפונג פון קלאַסן-קאַמף, יענער שטעלט זיך אַף דער פּלאַטפאָרם פון טראָצקיזם. עס איז דאָך אָבער געוויס ווי ווייניק אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם, כדי צו איבערצייַגן זיך אין דער פולשטענדיקער אומגעלומפּערטקייַט פון דערדאָזיקער אַרגומענטאַציע. אין וואָס באַשטייט דער טאָך פון טראָצקיזם? אין דער לערע פון דער פּערמאַנענטער רעוואָלוציע, אין דעם, אַז די קיכעס-באַציונגען צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און די איבעריקע קלאַסן ווערט אַלץ געענדערט ניט צום גונסטן פון פּראָלעטאַריאַט. דאָס אַרבעטנדיקע קליין-בירגערטום (דאָס פּויערטום), ווען אין ערשטן טאָג פון דער רעוואָלוציע גייט האַנט בא האַנט מיט דעם פּראָלעטאַריאַט, זייַענדיק פאַרינטערעסירט צו באַקומען אין איר רעשוס די פּריצישע ערדן—דאָסזעלבע פּויערטום פאַראַט דעם פּראָלעטאַריאַט אַף מאָרגן נאָך דער רעוואָלוציע. אַף מאָרגן נאָך דעם, ווי דער פעאָדאַליזם איז שוין צושמעטערט געוואָרן. פון דעם מאָמענט אָן הויבט זיך אָן דער אומפאַרמייַדלעכער קאָנפליקט צווישן אַרבעטער-קלאַס און פּויערטום אַזוי, אַז די קיכעס פון פּראָלעטאַריאַט, דער סכום פון זייַנע פאַרבינדעטע ווערט אַלץ קלענער פון טאָג צו טאָג. וואָס מער די רעוואָלוציע פאַרטיפט זיך, אַלץ ווייניקער שותּפים בלייַבן באַם פּראָלעטאַריאַט, אַלץ מער סאָנאִים קומען צו. טראָצקי האָט אַף אַזאַ אויפן פאָרמולירט זייַן געדאַנק אין דעם מאַניפעסט פון פּערמאַנענטער רעוואָלוציע אין זייַן בוך „סאַפּאַקלען און פּערספּעקטיוון“. דאָרט שרייַבט ער, אַז וואָס מער

עס אַנטוויקלט זיך די רעוואָלוציע, „אַלץ שמעלער ווערט דער באַזיס פון פּראָלעטאַריאַט, אַלץ וואַקלדיקער ווערט דער באָדן אונטער זייַנע פיס". ווען מען זאָל אַף איין ווייַלע אָנעמען דידאָזיקע שטעלונג, איז דאָך קלאָר, אַז בײַ אונדז אין פ.ס.ס.ר. וועלן מיר קיינמאָל ניט קאָנען קומען צו אַ פאַרניכטונג פון קלאַסן ד. ה. צו אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג. אַף אַזאַ אויפן ווערט „באַגרינדעט" דאָס אומעגלעכקייַט פון בויען סאָציאַליזם אין איין לאַנד.

וואָס זאָגט די פּאַרטיי? די פּאַרטיי זאָגט פונקט דער הייפּעך: די קויכעס פון פּראָלעטאַריאַט ווערן וואָס ווייַטער ניט קלענער, נאָר זיי ווערן אַלץ גרעסער. דער בונד צווישן אים מיט די אָרעם-מיטל-פויערישע מאַסן ווערט אַלץ פעסטער. דאָס אָרעם-פויערטום ווערט דער אָנשפּאַר-פונקט פון פּראָלעטאַריאַט אין זייַן פּאָליטיק אין דאָרף. דאָס מיטל-פויערטום ווערט אַלץ באַהערשט אונטער זייַן ווירקונג. אַף אַזאַ אויפן איז קייַן ספק ניט, אז די קויכעס-פאַרהעלטענישן צווישן פּראָלעטאַריאַט מיט זייַנע קעגנער ווערן וואָס ווייַטער אַלץ מער געענדערט לטובֿת דעם פּראָלעטאַריאַט. דער סאָציאַליסטישער סעקטאָר ווערט אלץ ברייטער און שטאַרקער. דער קאַפּיטאַליסטישער סעקטאָר ווערט וואָס ווייַטער אַראָפּגעשלאָגן פון זייַנע פּאָזיציעס. אין דעם באַשטייט טאַקע דער טאָעס פון רעכטן אָפּנויג, וואָס זיי מיינען, אַז אויב דער פּריוואַט-קאַפּיטאַליסטישער סעקטאָר ווערט קלענער, ווערט דער קלאַסן-קאַמף שוואַכער. אַדעראַבע פונקט פאַרקערט. דער פּריוואַט-קאַפּיטאַליסטישער סעקטאָר ווערט קלענער דורך דעם, וואָס ער ווערט אַ ר ו י ס ג ע ש ט ו י ס ן דורך די קלעפּ פון סאָציאַליסטישן סעקטאָר. דערדאָזיקער אָנגריף רופט אַרויס פּרוּוון פון אַן אַנטקעגן-אָנגריף, דאָס הייסט אַ פאַרשאַרפטער קלאַסן-קאַמף. ריידנדיק דיאַלעקטיש, זאָגן מיר: טאַקע, אַ ד אַ נ ק ד ע ם, וואָס דער סאָציאַליסטישער סעקטאָר ווערט אַלץ גרעסער, און דער פּריוואַט-קאַפּיטאַליסטישער ווערט אַלץ קלענער, טאַקע אַדאַנק דעם ווערט פאַרשאַרפט דער קלאַסן-קאַמף.

אַלזאָ, אין דער צייַט ווען דער טראָצקיזם לייקנט אָפּ דעם וווּקס פון די פּראָלעטאַרישע קויכעס, אין דער צייַט ווען דער רעכטער אָפּנויג שטעלט אַנטקעגן דעמדאָזיקן וווּקס צו דער פאַרשאַרפונג פון קלאַסן-קאַמף, בינדט צונויף די פּאַרטיי דיאַלעקטיש אָט די בײדע באַגריפן: אַפן יסוד פון פאַרשטאַרקונג פון סאָציאַליסטישן סעקטאָר און פאַרשאַרפטן קלאַסן-קאַמף.

---

מיר האָבן אויבן גערעדט וועגן דעם, אַז בײַם רעכטן אָפּנויג איז דאָ אַן איבערייַס צווישן דער בויונג פון איין זייַט און איר סאָציאַליסטישן כאַראַקטער פון דער אַנדער זייַט. פון דעמדאָזיקן איבערייַס דרינגט אַרויס ניט נאָר דאָס, וואָס עס ווערט פאַרשוויגן און פאַרשמירט די פראַגע וועגן די צווישנבאַציונגען פון סאָציאַליסטישן סעקטאָר צו די פּריוואַט-קאַפּיטאַליסטישע, פון דעם דרינגט אַרויס אַ צווייטע פראַגע—וועגן דער פאַרטיילונג פון דער פּראָדוקציע גופא. די גענעראַל-ליניע פון דער פּאַרטיי, אַז די פּראָדוקציע פון די פּראָדוציר-מיטלען דאַרפן זיך אַנטוויקלען מיט אַ מער האַסטיקן טעמפּ ווי די פּראָדוקציע פון די געברויך-מיטלען, איז ענג געבונדן מיט דערדאָזיקער שטעלונג. פאַר יעדן איינציקן, וואָס האָט אַ שטיקעלע האַסאָגע אין מאַרקסיזם, איז באַקאַנט דער גרונט-טעזיס, אַז די פּראָדוקציע-קויכעס ענדערן און בײַטן די פּראָדוקציע-באַציונגען. מיר דאַרפן דעריבער נעמען אַ קורס אַף אַנטוויקלען אין דער ערשטער ריי די צווייגן פון דער אינדוסטריע, וועלכע קענען דינען ווי אַ פאַקטאָר פון איבעראַנדערשן די פּראָדוקציע-באַציונגען. די פּראָדוקציע איז אונדז נויטיק ניט נאָר ווי אַ מיטל צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון דער באַפעלקערונג, נאָר אויך ווי אַ ווערקצייַג אין האַנט פון פּראָלעטאַריאַט צו איבעראַנדערשן די סאָציאַלע באַציונגען אין לאַנד. אויספילן די ראָל פון דאָזיקן ווערקצייַג קאָן נאָר די שווערע אינדוסטריע, קאָן נאָר די אינדוסטריע פון פּראָדוציר-מיטלען. אונטערפירנדיק אַ טעכנישן באַזיס, אַסאַך אַ ברייטערן און אַ גרעסערן ווי ביז איצט אונטער פאַרשיידענע

געבּיטן פֿון אונדזער פּראָדוקציע, בעסויכּאָם אויך פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט, ווערט דערמיט געענדערט דער עצם סאָציאַלער כאַראַקטער און די סאָציאַלע באַציִונגען. אָט פֿאַרוואָס אונדזער ביוּדזשעט — די קאַפּיטאַלע אַרײַנלייגונגען אין דער אינדוסטריע זײַנען געבויט אַזוי, אַז די אינדוסטריע פֿון פּראָדוקציע-מיטלען באַקומט מער ווי די פּראָדוקציע פֿון די גע-בּרויך-מיטלען. אָט פֿאַרוואָס דער 5-יאָריקער פּלאַן זעט אומעטום פֿאָרויס אַ שטאַרקערן טעמפּ פֿון אַנטוויקלונג פֿון דער ערשטער קאַטעגאָריע. עס איז קלאָר פֿאַרוואָס דער רעכ-טער אָפּנויג שטעלט זיך אַנטקעגן דערדאָזיקער גענעראַל-ליניע פֿון דער פּאַרטיי. דאָס שטאַמט דערפֿון, וואָס דער רעכטער אָפּ וויג פֿאַרשמירט די אויפֿגאַבע פֿון איבּעראַנדערשן די סאָציאַלע באַציִונגען.

איבּערהויפּט בּוילעט ווערט דידאָזיקע פּראָבּלעם, ווען מיר גייען אַריבּער כאַראַקטערי-זירן די אויפֿגאַבּע, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט שטעלט פֿאַר זיך בּענוגייע צום פּויערטום. מיר ריידן שטענדיק וועגן ענגן בּונד צווישן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום. צי קאָנען מיר אָבער דעמדאָזיקן ענגן בּונד שטעלן אויך ווי אַן ענדע-ציל? צי קאָנען מיר ריידן וועגן דעם, אַז אויך אין דער פּערספּעקטיוו זאָלן מיר האָבּן ניט מער ווי אַ פֿרידלעכע צוזאַמענ-לעבונג צווישן אָט די צוויי קלאַסן: פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום? בּאַ לענינען געפֿינען מיר זייער אַ כאַראַקטעריסטישן אָרט, וואָס האָט אַ שײַכעס צו דערדאָזיקער פֿראַגע.

און בּעעמעס צי איז מעגלעך אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג אויב דאָס פּויערטום בּלײַבּט עקזיסטירן ווי אַ זעלבּשטענדיקער קלאַס. עס איז דאָך קלאָר, אַז ניט. שטעלן די פֿראַגע וועגן אייבּיקן שאָלעם-בּאַיִס צווישן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, איז אַלצייגס, ווי אָפּליי-קענען די סאָציאַליסטישע אָרדענונג. דער בּונד צווישן אַרבּעטער און פּויער איז איינער פֿון די נויטיקסטע בּאַדינגונגען דערצו, אַז מע זאָל קאָנען דערגיין צו אַ געזעלשאַפֿט אָן קלאַסן. דאָס איז אַלזאָ אַ נויטווענדיקער עטאַפּ צום ענדע-ציל. ווען דער עטאַפּ ווערט אָבּער פֿאַרבּיטן ווי אַן ענדע-ציל, דענסטמאָל בּאַקומט זיך שוין ניט לעניניזם נאָר עפּעס אַנדערש — אַן אַנטילעניניש לערע.

אַלזאָ, דאָס פּויערטום דאַרף אָנווערן איר קלאַסן-כאַראַקטער ווי אַ בּאַזונדער קלאַס און אַרײַנגיסן זיך אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט. נאָר דורך וואָס פֿאַר אַן אויפֿן קאָן דאָס דערגרייכט ווערן? בּלויז אַף דעם וועג, ווי ענדערנדיק די פּראָדוקציע-מיטלען אין דער דאָרפֿישער ווירטשאַפֿט, ענדערנדיק די טעכנישע בּאַזע פֿון אַרבּעטער, קאָן אַף דעם יעסאָד געענדערט ווערן דער כאַראַקטער פֿון די סאָציאַלע בּאַציִונגען. הייסט עס, אַז דער צוזאַ-מענשלוס פֿון אַרבּעטער און פּויער דאַרף איצט טראָגן אַזאַ כאַראַקטער, וואָס דער פּראָלע-טאַריאַט מיטן קויעך פֿון זײַן אינדוסטריע, מיטן קויעך פֿון זײַן טעכניק וועט ענדערן די די בּאַציִונגען אין דאָרף. דערדאָזיקער געדאַנק ווערט אײַנקורצן אָנגערופֿן מיטן נאָמען: פּראָדוקציע-צוזאַמענשלוס (производственная смычка). צי האָט דידאָזיקע פֿאָרם פֿון צוזאַמענשלוס געקאָנט דאָמינירן אין די פֿריערדיקע יאָרן? נאַטירלעך, אַז ניט, ווײַל די טעכנישע רעסורסן פֿון פּראָלעטאַריאַט זײַנען געווען צו קליין און צו אָרעם. דידאָזיקע אויפֿ-גאַבּע האָט מען ניט געקאָנט זיך שטעלן אין ערשטן פּעריאָד פֿון דער רעוואָלוציע. דידאָ-זיקע אויפֿגאַבּע האָט אויך ניט געקענט געשטעלט ווערן ווי אַ דאָמינירנדיקע אין דעם ווי דער-אויפֿשטעלונג-פּעריאָר. זי קאָן אַרויסגערוקט ווערן נאָר איצט אין רעקאָנסטרוקציע-פּע-ריאָד. פֿריער דאָמינירט די פֿאָרם פֿון סכוירע-צוזאַמענשלוס, איצט דאַרף דאָמינירן די פֿאָרם פֿון פּראָדוקציע-צוזאַמענשלוס.

וואָס איז די פּרינציפּיעלע נאָפּקעמינע צווישן ציך, וואָס עס ווערט געשיקט אין דאָרף און אַ טראַקטאָר? צי דאַרפֿן מיר שיקן אין דאָרף ציך אָדער אַנדערע סכוירעס צו בּאַפֿרי-דיקן די דאָרפֿישע בּאַדערפֿעניש? עס קען קיין שום סאָפֿעק ניט זײַן, אַז מען דאַרף עס טאָן. ווען דער פּויער וועט ניט בּאַקומען די נויטיקע פֿאַר אים פּראָדוקטן פֿון דער שטאָ-טישער פּראָדוקציע, ווערן דענסטמאָל בּאָטל די עקאָנאָמישע בּאַציִונגען צווישן דאָרף און

שטאַט. ס׳ווערט דענסטמאָל אַרונטערגעריסן דער צוטרוי פֿון פויער צום פּראָלעטאַריאַט. אויב דער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט קאָנען געבן דעם פויער קײַן שטיוול, וועט זיך דער פויער אָריענטירן אַף אַן אַנדער סאָציאַלער אָרדענונג (קאַפּיטאַליזם), אַז יענער זאָל אים דאָס געבן. צי קאָן מען אָבער יוצא זײַן דערמיט? ניין, ווײַל אין בעסטן פֿאַל האָבן מיר דאָ דערגרייכט אַ צוטרוי פֿון פויערטום צום פּראָלעטאַריאַט, אַ צוזאַמענלעבן צווישן די צוויי קלאַסן, אָבער דאָס קען ניט גענומען ווערן ווי אַן אייביקע פּערספּעקטיוו, אַז שטענדיק זאָל זײַן אַ פויער פֿון איין זײַט און אַן אַרבעטער פֿון דער צווייטער זײַט, און די דאָזיקע צוויי וועלן שטענדיק צווישן זיך לעבן בשאָלעם. ווי מיר האָבן אויבן גערעדט, קאָן אַזאַ פּערספּעקטיוו ניט אָנגערופֿן ווערן מיטן נאָמען סאָציאַליזם. ווען דער טראַקטאָר קומט אין דאָרף, ברענגט ער שוין מיט זיך אַ פּרינציפּיעלן נײַס, וואָס דאָס וועט ניט נאָר געווינען דעם צוטרוי פֿון פויער, נאָר דער עצם פויער אין זײַן קלאַסן-געשטאַלט ווערט אַן אַנדערער. דער טראַקטאָר ענדערט די פּראָדוקציע-באַציִונגען.

דער רעכטער אָפּנויג, ווי באַוווּסט, לייקנט אָפּ דעם פּראָדוקציע-צוזאַמענשלוס. ער שטייט אַפֿן שטאַנדפּונקט אויסשליסלעך פֿון סכוירע-צוזאַמענשלוס, ד. ה., ער שטייט אַפֿן שטאַנדפּונקט פֿון אייביקע באַציִונגען צווישן צוויי קלאַסן—צווישן פּראָלעטאַריאַט און פויערטום. ווען מען טראַכט זיך וועגן דעם אַרײַן, באַקומט זיך אָט וואָס, אַז די דאָזיקע טעאָריע לייקנט אָפּ די העגעמאָניע פֿון פּראָלעטאַריאַט, די אָנפֿירנדיקע ראָל פֿון פּראָלעטאַריאַט אין זײַן באַציִונג מיטן פויערטום. ווײַל וואָס באַטײַט העגעמאָניע פֿון פּראָלעטאַריאַט? דער פּראָלעטאַריאַט אַנדערשט איבער די סאָציאַלע באַציִונגען לויט דעם שטייגער, פֿון וועלכן ער איז דער טרעגער, דער טרעגער פֿון סאָציאַליזם איז דער פּראָלעטאַריאַט. ווען אָבער עס ווערט געשטעלט די פֿראַגע וועגן אַן אומופהערלעכן צוזאַמענלעבן פֿון קלאַסן, הייסט עס, אַז די אָנפֿירנדיקע ראָל פֿון אַרבעטער ווערט אָפּגעלייקנט, און זי ווערט פֿאַרביטן מיט אַ שאָלעם-באַיִס. שאָלעם-באַיִס איז מעגלעך באַ קלאַסן נאָר באַ דער לאַגע, ווען איינער גיט נאָך דעם צווייטן. אויב די אויפֿגאַבע פֿון פּראָלעטאַריאַט בענויגייע צום פויערטום באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס ער דאַרף שטענדיק לעבן בשאָלעם מיטן פויערטום, הייסט עס, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף גיין אַפֿן וועג פֿון האַנאָכעס בענויגייע צום פויערטום. אַף אַזאַ אויפֿן באַקומען מיר די באַוווּסטע טעאָריע פֿון האַנאָכעס.

דער טראָצקיזם לייקנט אינגאַנצן אָפּ די נויטווענדיקײַט פֿון אַ בונד צווישן אַרבעטער-קלאַס און פויערטום. דער טראָצקיזם שטייט אַף דער פּלאַטפֿאָרם, אַז צווישן אַרבעטער-קלאַס און פויערטום איז אַ קעסיידערדיקע פֿאַרשאַרפֿונג פֿון קלאַסן-קאַמף, אַן אומפֿאַרמײַדלעכע שפּאַלטונג. דער רעכטער אָפּנויג לייקנט אָפּ דעם כאַראַקטער פֿון בונד צווישן אַרבעטער און פויער ווי אַן עטאַפּ אין דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג. באַ אים איז עס אַ שטענדיקער אייביקער בונד. סײַ דער רעכטער אָפּנויג, סײַ דער טראָצקיזם האָבן ביידע איין אַלגעמיינעם שטריך, וואָס זיי ביידע זײַנען מעטאַפיזיש. דער טראָצקיזם ענטפֿערט אַף דער פֿראַגע פֿון בונד צווישן אַרבעטער מיטן פויער—ניין. אַף שטענדיק און אַף אייביק. דער רעכטער אָפּנויג ענטפֿערט—יע, אַף שטענדיק און אַף אייביק. דער לעניניזם גייט צו צו דער דאָזיקער פֿראַגע דיאַלעקטיש, ד. ה. ער באַטראַכט דעם דאָזיקן בונד ווי אַ היסטאָרישן עטאַפּ אַפֿן וועג צו אויס קלאַסן-געזעלשאַפֿט, צו אויס פּראָלעטאַריאַט און אויס פויערטום, מעמיילע אויס בונד צווישן זיי.

---

ווען מיר ריידן אָבער וועגן דעם, אַז דער כאַראַקטער פֿון פויערטום ווערט געענדערט אונטער דער ווירקונג פֿון די פּראָדוקציע-קויכעס, וואָס עס פֿאַרמאָגט דער פּראָלעטאַריאַט, דאַרף מען דאָ שטענדיק האָבן אין זינען פֿאָלגנדיקן מאָמענט: אויך די טעכניק פֿון קאַפּיטאַליזם ענדערט איבער דעם כאַראַקטער פֿון דאָרף. דער אַמעריקאַנער פֿאַרמער האָט גאָר אַן אַנדער

כאַראַקטער ווי אונדזערער אַ פּויער טאַקע אַדאַנק דעם, וואָס דאָ איז ניִקער די ווירקונג פֿון דער גרויסער אַמעריִקאַנער טעכניִק. עס איז אָבער דאָ אַ גרויסע פּריִנציִפּיִעלע נאָפּקעמיִנע צווישן דעם, ווי אַזוי עס ווערן געענדערט די סאָציִאַלע באַציִונגען אין דאָרף אונטער דער וויִרקונג פֿון קאַפּיִטאַליִסטיִשער טעכניִק, און ווי עס ווערט געענדערט אונטער דער וויִרקונג פֿון דער סאָציִאַליִסטיִשער טעכניִק. די קאַפּיִטאַליִסטיִשע טעכניִק ענדערט דעם כאַראַקטער נאָר דורך דעם, וואָס דאָס פּויערטום ווערט אַרויסגעשווענקט, וואָס ער ווערט עקספּראָפּריִירט. עס ווערן באַ איִם צוגענומען זײַנע פּראָדוקציִע-מיִטלען. איינצײַטיִק ווערט אויסגעבילדעט אַ שיִכט פֿון אַ שטאַרקער דאָרפֿיִשער בורזשואַזיע, פֿון פֿאַבריִקאַנטן אין דער לאַנד-פּראָדוקציִע. די סאָציִאַליסטיִשע טעכניִק, ווען זי ענדערט דעם כאַראַקטער פֿון דאָרף, קומט עס פֿאָר אַף אַן אַנדער אויפֿן. דאָס ווערט ניִט עקספּראָפּריִירט דאָס פּויערטום, דאָ ווערט ניִט גענומען אַ קורס אַף אָרעם מאַכן דאָס פּויערטום, דאָ קומט ניִט פֿאָר אַ פּראָצעס פֿון אָפּנעמען די פּראָדוקציִע-מיִטלען באַ דעם פּראָדוציִרער.

אין דעם באַשטייט די גרונט-נאָפּקעמינע צוויִשן פּראָצעס פֿון קאָלעקטיִוויזיִרונג פֿון איין זײַט, און צוויִשן דעם, ווי אַזוי די קאַפּיִטאַליִסטיִשע טעכניִק רײַסט זיך אַרײַן אין דאָרף. אָט דערפֿאַר טאַקע האָט לעניִן אָנגעמערקט ווי אַ גענעראַל-ליִניִע פֿון פּאַרטיי די ליִניִע פֿון קאָלעקטיִווע וויִרטשאַפֿטן, די ליניִע פֿון קאָאָפּעראַציִע. דער טראָצקיִזם האָט געוואָלט אָנווענדן צו דעם פּויערטום פּונקט דיִזעלבע מעטאָדן, וואָס עס ביִנדט אָן די קאַפּיִטאַליִסטיִשע טעכניק בענויגייע צום דאָרף. נעמען אַ קורס אַף עקספּראָפּריִירן דאָס פּויערטום.

נאָר ווי מע קומט צו דער פֿראַגע פֿון קאָאָפּעראַציִע, מאַכט דאָ דער רעכטער אָפּנויג פֿאָלגנדיִקן מאַנעוור. פּונקט ווי אין דער פֿראַגע פֿון צוזאַמענשלוס שטעלט ער דעם טראָפּ אַף סכוירע-צוזאַמענשלוס און לייקנט אָפּ די פּראָדוקציע צוזאַמענשלוס, אָט אַזוי פֿאָרמוליִרט דער רעכטער אָפּנויג אויך זײַן שטעלונג צו דער פֿראַגע פֿון קאָאָפּעראַציִע. דער קאָאָפּעראַטיִווער פּלאַן פֿון לעניִנען,—פּרוווט זיך זאָגן דער רעכטער אָפּנויג,—נעמט אַרײַן אין זיך נאָר דעם זיִן פֿון מאַרק-קאָאָפּעראַציִע. דער רעכטער אָפּנויג שליִסט אָבער אויס דעם מאָמענט פֿון פּראָדוקציִע-קאָאָפּעראַציִע. אין דער צײַט, ווען לויט דער פּאַרטיי-ליִניִע איז די קאָלעקטיווִיזיִרונג דער גרונט-וועג פֿון פֿיִרן דאָס פּויערטום צום סאָציִאַליִזם,—אין דערזועלביִקער צײַט האָט בוכאַריִן דערקלערט, אַז דאָס איז ניט דער הויפּט-וועג צום סאָציִאַליִזם. בוכאַריִן פֿאַרבײַט קאָלעקטיוויִזירונג מיִט דער איינפֿאַכער פֿאָרם פֿון קאָאָפּעראַציע, וואָס דער פּויער וועט אַלץ קויפֿן איִן קאָאָפּעראַציִע און אַלץ פֿאַרקויפֿן. לויט בוכאַריִנען איִז גענוג, אויב די סכוירע-באַציִונגען, די מאַרק-באַציִונגען פֿון פּויעריִשן פּראָדוציִרער וועלן ווערן אײַנגעשלאָסן נאָר מיִט דער קאָאָפּעראַציִע. קיין אַנדער אויפֿגאַבע שטעלט ער פֿאַר זיך ניִט. וואָס איִז שײַעך קאָלעקטיִוון איִז עס באַ איִם אַ בײַזאַך, אַ דעטאַל. דערדאָזיקער טײַטש פֿון קאָאָפּעראַטיון-פּלאַן איִז ענג געבונדן מיִט דער הויפּט-אײַנשטעלונג פֿון רעכטן אָפּנויג—פֿאַרשמיִרן און אַראָפּנעמען די פֿראַגע וועגן איִבעראַנדערשן די פּראָדוקציִע-באַציִונגען אין לאַנד, פֿאַרשמיִרן און אַראָפּנעמען די פֿראַגע וועגן אונדזער מאַרש צום סאָציִאַליִזם.

---

מיִר האָבן דאָ איִנקורצן אונטערגעשטראָכן און אָנגעוויִזן אַף די טעאָרעטיִשע וואָרצלען פֿון דעם רעכטן אָפּנויג בענויגייע די פֿראַגן, וועלכע שטייען אַפֿן טאָג-סיידער פֿון אונדזער לאַנד. דער רעכטער אָפּנויג ווערט אָבער ניִט אויסגעשעפּט מיִט דיִדאָזיקע פּראָבלעמען. עס איִז ניִט ווייניִקער כאַראַקטעריִסטיִש די לערע פֿון רעכטן אָפּנויג בענויגייע דער אַנטוויִקלונג פֿון דער סאָציִאַליִסטיִשער רעוואָלוציִע אין די קאַפּיִטאַליִסטיִשע לענדער. עס איִז ניִט ווייניִקער סימפּטאָמאַטיִש און געפֿערלעך די טעאָריִעס פֿון פֿאַרשיידענע פֿאָרשטייער פֿון רעכטן אָפּנויג אין דעם געביִט. בענויגייע דידאָזיקע פֿראַגן וועלן מיִר זיך אומקערן אַ צווייטן מאָל.

ש. אַגורסקי.

# דער קאַמף קעגן אָפּנויגן אַפֿן היסטאָרישן פֿראָנט.

עס איז פֿאַר קיינעם קיין סאָד ניט, אַז אַף דעם געביט פֿון פֿאָרשן די פּאַרטיי-געשיכטע פֿון די רעוואָלוציאָנערע און אַרבעטער-באַוועגונג האָבן זיך גאַנץ קלאָר אַרויסגעוויזן אַ ריי אָפּנויגן, פֿאַלשע, ניט קיין מאַרקסיסטישע, אַנטילענינישע אָפּשאַצונגען. מיר באַמערקן אָפּט אַף דעם געביט אַ פֿולשטענדיקע פֿאַרקריפּלונג פֿון די וויכטיקסטע פֿאַקטן און אַ שאַרף אויסגעדריקטן אַנטיפּאַרטײַשן צוגאַנג אין באַלײַכטן פּאַסירונגען.

אַזעלכע אָפּנויגן און פֿאַרקריפּלונגען קען מען אָפּט באַמערקן אין דער אויספֿאָרשערישער אַרבעט פֿון די כ״כ קאָמוניסטן, וועלכע האָבן אַמאָל באַלאַנגט צו נאַציאָנאַליסטישע און קליינבירגערלעכע פּאַרטייען. צווישן דידאָזיקע כאַווייריםס זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע, וועלכע באַמיִען זיך מיט אַלע מעגלעכקײַטן צו פֿאַרטושירן דעם עמעסן כאַראַקטער פֿון די פּאַרטייען, אין וועלכע זיי האָבן זיך אױפֿגעהאָדעוועט און דערצויגן. עס איז דאָ בײַ זיי אַ שטרעבונג צו „דערווײַזן", אַז דידאָזיקע פּאַרטייען זײַנען די „עמעסע רעוואָלוציאָנערע" און „עמעס-מאַרקסיסטישע און באָלשעוויסטישע" אָרגאַניזאַציעס. זיי באַמיִען זיך צו באַווײַזן, ווי עס האָט זיך געלונגען אויסגעדריקט דער כ׳ פּאָקראָווסקי אין אַן אַרטיקל (אין „פּראַוודאַ" פֿון 7-טן נאָיאַבר 1928 יאָר), אַז שוין אין 1800 יאָר זײַנען זייערע זיידעס שוין געווען מאַרקסיסטן.

אַף וויפֿל דידאָזיקע טענדענץ איז אַרײַנגעדרונגען אין געביט פֿון היסטאָרישער און פֿאָרשערישער אַרבעט, באַווײַזן די פֿאַרזוכן צו אידעאַליזירן דעם „בונד", די „ווײַסרוסישע סאָציאַליסטישע הראָמאַדע", די פּפּ״ס און אַנדערע ענלעכע אָרגאַניזאַציעס. די פֿאַרזוכן האָבן זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן אין די לעצטע יאָרן בײַ אונדז אין ווײַסרוסלאַנד, וווּ אַ ריי כאַווייריםס האָבן אַף אַ פֿאַרמאַסקירטן און גאַנץ אָפֿט אַף אַן אָפֿענעם אויפֿן אַנטשלאָסן דורכגעפֿירט דעם געדאַנק, אַז דער באָלשעוויזם אין ווײַסרוסלאַנד פֿירט זײַן אָנהייב פֿון דער אָרטיקער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, פֿון דעם אָרטיקן קליינבירגערלעכן סאָציאַליזם. מיר וועלן ברענגען אַ גאַנצע ריי פֿאַקטן, וועלכע האָבן אין משך פֿון די לעצטע עטלעכע יאָר זיך בולעט אַרויסגעוויזן אַף דעם געביט פֿון פֿאָרשן די געשיכטע פֿון אונדזער פּאַרטיי, און דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. צום ערשטן וועלן מיר באַווײַזן, ווי אַזוי אונטער דער פֿאָן פֿון באָלשעוויזם ווערט פֿאַרשפּרייט בונדיזם, און עס ווערן אױפֿגעהאַלטן די בונדישע טראַדיציעס אין אונדזערע רייען. קעדיי דאָס צו באַווײַזן, וועלן מיר זײַן געצוווּנגען צו איבערכאַזערן עטלעכע פֿאַקטן, וועלכע זײַנען מער אָדער ווייניקער באַקאַנט די לייענער.

דער, וואָס איז מער אָדער ווייניקער באַקאַנט מיט דער געשיכטע פֿון אונדזער פּאַרטיי, ווייס, אַז דער „בונד", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1897 יאָר, ווי אַן אָרגאַניזאַציע פֿון די קליינבירגערלעכע ייִדישע באַלמעלאָכעס, האָט אַפֿילע אַף זײַן ערשטן צוזאַמענפֿאָר מוירע געהאַט זיך אָנצורופֿן סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, און דעריבער באַשלאָסן זיך אָנצורופֿן „דער אַלגעמיינער ייִדישער אַרבעטער-בונד". דערדאָזיקער נאָמען

האָט געדאַרפֿט פֿאַרזיכערן פֿון דער געפֿאַר, אַז די יידישע באַלמעלאָכעס זאָלן באַטראַכטן דעם „בונד“ פֿאַר אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. כאָטש דעם האָבן די גרינדער פֿון „בונד“ גלייך אין אָנהייב געלייגט פֿאַר אַ גרונט-שטיין אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון „בונד“ מאַרטאָווס געדאַנק, וועלכן ער האָט אויסגעדריקט אין ווילנע אין 1895 יאָר. מאַרטאָוו האָט דאַן דערקלערט, אַז די יידישע אַרבעטער מוזן באַשאַפֿן אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע צו פֿאַרטיידיקן די „באַזונדערע אינטערעסן פֿון די יידישע אַרבעטער“. אין דעם ערשטן יאָר פֿון דער עקזיסטענץ פֿון „בונד“ האָבן זיינע גרינדער און פֿירער קלאָר און אָפֿן נאָך ניט גערעדט וועגן דעם, אַז דער „בונד“ ווערט געשאַפֿן, כּדי צו פֿאַרטיידיקן די ספּעציפֿישע אינטערעסן פֿון יידישן פֿאָלק און האָבן נאָך אַפֿילע אין אָנהייב 1898 יאָר זיך באַטייליקט אין דעם ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון ר.ס.ד.א.פּ., און דער „בונד“ איז אַריין אַף אַוטאָנאָמע יעסוידעס אין דער ר.ס.ד.א.פּ. אָבער שוין גלייך נאָך דעם ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער ר.ס.ד.א.פּ. האָט זיך אין דעם צענטראַלן אָרגאַן פֿון „בונד“ „אַרבעטער שטים“ נומער 11 באַוויזן אַן אַרטיקל, אין וועלכן עס איז קלאָר און דייטלעך דערקלערט געוואָרן, אַז די אַלגעמיינע פּאַרטעיִשע אָרגאַניזאַציעס וועלן ניט זיין אימשטאַנד צו פֿאַרטיידיקן מיט דערפֿאָלג די ספּעציעלע אינטערעסן פֿון די יידישע מאַסן.

אין 1900 יאָר האָט דער „בונד“ אַרויסגעגעבן מאַרטאָווס רעדע „דער נייער ווענד-פּונקט אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג“ און מיט דעם אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן צווישן די ברייטע שיכטן פֿון דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט מאַרטאָווס נאַציאָנאַליסטישן געדאַנק וועגן דער נויטיקייט פֿאַר דעם יידישן ארבעטער צו האָבן אַ באַזונדערע יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע. נאָך דעם הייבט אָן אַלץ מער און מער אַריינדרינגען די נאַציאָנאַליסטישע טענדענץ אין „בונד“ און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אַפֿן צווייטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער ר.ס.ד.א.פּ. האָט דער „בונד“ אַרויסגעשטעלט זיין פֿאָדערונג וועגן בויען די פּאַרטיי אַף פֿעדעראַטיווע יעסוידעס און די פֿאָדערונג, אַז דער צוזאַמענפֿאָר זאָל אָנערקענען דעם „בונד“ „אַלס דעם איינציקן פֿאָרשטייער פֿון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט“. אָבער, אַז די דאָזיקע נאַציאָנאַליסטישע פֿאָדערונג פֿון „בונד“ איז אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן, האָט דער „בונד“ פֿאַרלאָזן דעם צווייטן צוזאַמענפֿאָר און אינגאַנצן פֿאַרלאָזן די ר.ס.ד.א.פּ. און האָט אָנגעהויבן פֿירן קעגן דער פּאַרטיי אַ שענדלעכן קאַמף. די דאָזיקע פּאָזיציע פֿון „בונד“ האָט געבראַכט דערצו, אַז לעניִן און פּלעכאַנאָוו האָבן אין דער „איסקראַ“ אָנגעהויבן אַ פֿאַראַקשנטן קאַמף קעגן בונדישן נאַציאָנאַליזם. דער דאָזיקער קאַמף איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין צאָפֿן-מייִרעוו-געגנט פֿון דער געוועזענער צאַרישער אימפּעריע, אין דער אַזוי גערופֿענער, טעריטאָריע פֿון „בונד“. דאָרט האָבן זיך געשאַפֿן דער צאָפֿן-מייִרעוו קאָמיטעט פֿון דער ר.ס.ד.א.פּ. און דער פּאָלעסיער קאָמיטעט, וועלכע האָבן געשאַפֿן אַ גאַנצע ריי גרופּעס פֿון דער ר.ס.ד.א.פּ. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן אין דער עפּאָכע פֿון דער רעוואָליציע אין 1905 יאָר גערופֿירט אַרום זיך די מער רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פֿון דער יידישער ארבעטערשאַפֿט, און זיי איז אויסגעקומען צו פֿירן אַ שטענדיקן קאַמף קעגן „בונד“.

אין 1905 יאָר האָבן די באָלשעוויקעס אַרויסגעגעבן אין דער יידישער שפּראַך פּראָקלאַמאַציעס, די פּראָגראַם פֿון דער ר.ס.ד.א.פּ. און די פּראָטאָקאָלן פֿון דריטן צוזאַמענפֿאָר פֿון ר.ס.ד.א.פּ. צו די פּראָטאָקאָלן האָט דער ח' לעניִן אָנגעשריבן אַ ספּעציעלע פֿאָרעדע, אין וועלכער ער האָט געשריבן:

„דער ערשטער צוזאַמענפֿאָר פֿון אונדזער פּאַרטיי, וועלכע איז פֿאָרגעקומען אין פֿרילינג 1898 יאָר, האָט זיך אוועקגעשטעלט אַלס זיין ציל צו באַשאַפֿן די דאָזיקע איינִיקייט. כּדי צו פֿאַרוויכטן יעדן געדאַנק וועגן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, האָט די פּאַרטיי זיך דערפֿאַר אַ נאָמען געגעבן ניט „רוסישע“, נאָר „רוסלענדער“. די אָרגאַניזאַציע פֿון יידישן אַרבעטער, דער „בונד“, איז אַריין אין דער פּאַרטיי אַלס אַן אַוטאָנאָמער טייל. צום באַדויערן איז פֿון דאַן אָן די פֿאַראייניקונג פֿון די יידישע און ניט יידישע סאָ-

ציאַל-דעמאָקראַטן אין איין פּאַרטיי פאַרניכטעט געוואָרן. צווישן די טוער פון „בונד" האָבן זיך פאַרשפּרייט נאַציאָנאַליסטישע אידייען, וועלכע זיינען אין אַ שאַרפן ווידערשפּרוך מיט דער גאַנצער וועלט-אָנשויונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. אָנשטאָט אַ שטרעבונג צו דערנעענטערן די יידישע און ניטיידישע אַרבעטער האָט דער „בונד" אָנגעהויבן גיין אַף דעם וועג צו פאַנאַנדערייסן די ערשטע פון די לעצטע, אַרויסשטעלנדיק אַף זיינע צוזאַמענפאָרן די אָפּגעזונדערטקייט פון די יידן אַלס אַ נאַציע. אָנשטאָט פאָרצוזעצן די אַרבעט פון דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ארבעטער-פּאַרטיי אין דער זייט פון אַ נאָך אַ שטאַרקערער פאַראייניקונג פון „בונד" מיט דער פּאַרטיי, האָט דער „בונד" געמאַכט אַ טראָט פון אָפּטיילן זיך פון דער פּאַרטיי.

...דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ. האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך, ניט געקענט אָננעמען אַזעלכע באַדינגונגען, ווייל אין אַ גאַנצער ריי געגנטן, צ. ב. אין ווייסרוסלאַנד, געפינט זיך דער אָרגאַניזירטער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין דער אַלגעמיינער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע. ניט רעכענענדיק זיך מיט דעם, איז דער „בונד" אַרויסגעטראָטן פון דער פּאַרטיי און האָט אַף אַזאַ אויפן צוריסן די איינהייט פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פּראָלעטאַריאַט" [1].

די ווייטערדיקע עוואָלוציע פון „בונד" אַף רעכטס האָט אַלץ מער באַשטעטיקט אינגאַנצן די אָפּשאַצונג, וועלכע עס איז געגעבן געוואָרן אין דער פאָרעדע פון כ' לענין צו די פּראָטאָקאָלן פון דריטן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר. אין 1905 יאָר האָט דער „בונד" איינגעשלאָסן אין זיין פּראָגראַם די פאָדערונג פון דער נאַציאָנאַל-קולטורעלער אַווטאָנאָמיע. אין די יאָרן פון דער רעאַקציע האָט דער „בונד" זיך אָנגעשלאָסן אָן די ליקווידאַטאָרן, און ניט איינמאָל איז דעם כ' לענין און אַנדערע באָלשעוויקעס אויסגעקומען אַרויסטרעטן קעגן דעם בונדישן נאַציאָנאַליזם און אָפּאָרטוניזם.

אַף אַ באַראַטונג פון צ.ק. ר.ס.ד.א.פּ, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעקאַבר 1912 יאָר, איז אין אַ רעזאָלוציע וועגן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, וועגן „בונד" געזאָגט געוואָרן פאָלגנדיקעס:

„די באַראַטונג שטרייכט באַזונדער אונטער דעם ערגסטן אָפּאָרטוניזם און ליקווידאַטאָרישקייט אין די באַשלוסן פון דער לעצטער „ניינטער" קאָנפערענץ פון „בונד", וועלכע האָט באַוייטיקט דעם לאָזונג פון אַ רעפּובליק, האָט אָפּגערוקט אָפּן הינטערשטן פּלאַן די אונטערערדישע אַרבעט און אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט פולשטענדיק פאַרגעסן די רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט" [2].

וועגן די מייסים פון „בונד" אין דעם פּעריאָד פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, האָט זינאָוויעוו געשריבן אין „סאָציאַל-דעמאָקראַט" פאָלגנדיקעס:

„דער „בונד" איז די איינציקע אָרגאַניזאַציע אין אַלטן „אינטערנאַציאָנאַל", וועלכער האָט שוין איצט געגעבן אַ געוויסן סינטעז פון סאָציאַל-שאָוויניזם פון ביידע ריכטונגען, אין וואַרשע און אין לאָדז ריידן מיר אַף דעם דיאַלעקט פון שיידעמאַנען, אין מינסק און אין האָמעל ריידן מיר אַף דעם דיאַלעקט פון גוואָזדאָוו". [3]

אָט דאָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער „בונד" ביז ערעוו דער פאַרניכטונג פון דער זעלבסטהערשונג. נאָך דער פעוראַל-רעוואָלוציע האָט זיך דער אָפּאָרטוניזם פון „בונד" נאָך בוילעטער אַרויסגעוויזן. אין סאַמע אָנהויב פון דער רעוואָלוציע איז דער „בונד" געוואָרן אַ פאַרטיידיקער פון דער צייטווייליקער רעגירונג און דער ביטערסטער סוינע פון

1) פון דער פאָרעדע צו דער יידישער אויסגאַבע פון די פּראָטאָקאָלן פון דעם דריטן צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ.

2) אל.ק.פּ.(ב) אין רעזאָלוציעס פון אירע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן. זייט 159, אויסגאַבע 1927 — מאָסקווע.

3) זע זינאָוויעוו און נ. לענין — „קעגן שטראָם". זייט 168, פערטע אויסגאַבע.

דער אַרבעטער-רעוואָלוציע און באָלשעוויזם. אין דער צײַט פֿון דער דעמאָנסטראַציע פֿון 18-טן יון אין 1917 יאָר, ווען דער פּעטראָגראַדער פּראָלעטאַריאַט איז אַרויס אַף די גאַסן מיט לאָזונגען: „נידער מיט די צען מיניסטאָרן און קאַפּיטאַליסטן", „די גאַנצע מאַכט די סאָוועטן", איז דער „בונד" צוזאַמען מיט די דאָנער קאָזאַקן און פּלעכאַנאָווס גרופּע „איינקײַט" אַרויסגעגאַנגען מיט די לאָזונגען—„פֿולער צוטרוי דער צײַטווײַליקער רעגירונג". אין די טעג פֿון דער יול-רעאַקציע איז די בונדישע פּרעסע ניט אָפּגעשטאַנען פֿון דער גאַנצער בורזשואַזער פּרעסע מיט אירע שענדלעכע רעכילעס קעגן לענינען און אַנדערע באָלשעוויסטישע פֿירער און מיט דעם מיטגעהאָלפֿן דער אימפּעריאַליסטישער צײַטווײַליקער רעגירונג צו אָנעמען נאָך שטרענגערע רעפּרעסיעס קעגן דער סאָוועטישער רעגירונג.

אַפֿן צווייטן צוזאַמענפֿאָר פֿון די סאָוועטן, ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, אַז די מעלוכע-מאַכט גייט אַריבער אין די הענט פֿון די סאָוועטן, האָבן די פֿירער פֿון „בונד" קוואַליפֿיצירט די דאָזיקע גרעסטע היסטאָרישע פּאַסירונג, ווי אַ מעשוגאַעס און ווי אַ ניט-דערלאָזבאַרן „פֿאַרברעכן", וואָס די באָלשעוויקעס באַגייען בענוגייע דעם רוסלענדישן אַרבעטער-קלאַס און דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און האָבן אַלס צייכן פֿון פּראָטעסט קעגן דער דאָזיקער „מעשוגאַעס" און „פֿאַרברעכן" דעמאָנסטראַטיוו פֿאַרלאָזן דעם צווייטן צוזאַמענפֿאָר פֿון די סאָוועטן.

אין דעם סאַמע אָנגעשטרענגסטן פּעריאָד פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע איז דער „בונד" געשטאַנען אַף דער צווייטער זײַט פֿון די באַריקאַדן. אין אַסאַך ערטער איז ער אַקטיוו אַרויסגעטראָטן קעגן די סאָוועטן. אין מינסק האָט דער „בונד" אין דעקאַבער 1917 יאָר געמאַכט אַ פֿאַרוף צו אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינעם שטרייק קעגן דער סאָוועטנמאַכט. אין וויטעבסק זײַנען די בונדיסטן אין די אָקטיאַבער-טעג געשטאַנען בעראָש פֿון דער קאָנטער-רעוואָלוציע, און האָבן קעגנגעשטעלט דעם באָלשעוויסטישן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט זייער אייגענעם געשאַפֿענעם „מיליטערישן ראַט"; אַף אוקראַינע זײַנען די פֿאָרשטייער פֿון „בונד" געווען די סאַמע אָנגעזעענסטע מיטאַרבעטער אין דער פּעטלורישער ראַדע און האָבן אַקטיוו מיטגעהאָלפֿן פּעטלורען אין זײַן קאַמף קעגן סאָוועטנמאַכט.

וואָס מערער ס'איז פֿאַרשאַרפֿט געוואָרן דער בירגער-קריג, אַלץ מער זעען מיר אַ גרויסן טייל פֿון „בונד" אין לאַגער פֿון דער קאָנטער-רעוואָלוציע. אין סאַמע געפֿערלעכסטן מאָמענט פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, זײַנען אייניקע פֿירער אָפֿן אַריבער אַף דער זײַט פֿון די, וועלכע האָבן מיט געווער אין די הענט זיך געשטעלט קעגן דער סאָוועטנמאַכט: ליבער איז אין דער צײַט געווען אַ מיטהעלפֿער פֿון דעם טשעכאָ-סלאָוואַקישן אופֿשטאַנד. טיילן פֿון בונדישע אָרגאַניזאַציעס נעמען אַן אָנטייל אין די ווײַסגוואַרדעישע אופֿשטאַנדן אין יאַראָסלאַוול, אין סעלאָבאַגאָראָדסק, ניזשנעגאָראָדסקער גובערניע, און זומער 1918 יאָר באַטייליקט זיך דער „בונד" אין דעם פֿאַרוף צוזאַמענרופֿן אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון קלוימערשטדיקע „אַרבעטער-באַפֿולמעכטיקטע", וועלכער האָט זיך געשטעלט אַלס ציל צו אומוואַרפֿן די סאָוועטנמאַכט.

אין ווײַסרוסלאַנד האָבן פֿאָרשטייער פֿון „בונד" באַגעגנט די דײַטשישע אָקופּאַנטן אין פֿעווראַל 1918 יאָר, ווי „באַפֿרײַער פֿון דעם אומדערטרעגלעכן יאָך פֿון די באָלשעוויקעס". ס'איז כאַראַקטעריסטיש דערבײַ, אַז אַף דער ערשטער פֿאַרזאַמלונג פֿון דער מינסקער שטאָטישער דומע, וועלכע איז פֿאָרגעקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך דעם, ווי מינסק איז אָקופּירט געוואָרן פֿון די דײַטשן, האָט דער פֿאָרשטייער פֿון „בונד" געזאָגט: „ענדלעך האָבן מיר ווידער די מעגלעכקײַט זיך פֿרײַ צו פֿאַרזאַמלען אין דער שטאָט-דומע". די פֿאָרשטייער פֿון „בונד" זײַנען אַרײַן אין באַשטאַנד פֿון דער ווײַסרוסישער קאָנטער-רעוואָלוציאָנערער ראַדע.

די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע ראָל פֿון „בונד" האָט געבראַכט דערצו, אַז די מער-פּראָלעטאַרישע עלעמענטן האָבן אָנגעהויבן פֿאַרלאָזן זייערע רייען און האָבן אָנגעהויבן אַרײַנ-

טרעטן אין די רייען פֿון ר. ק. פּ. אין משך פֿון 1917 ביז 1919 יאָר האָט קימאַט דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער טייל פֿאַרלאָזן דעם „בונד“ און אין 1920 יאָר צום סאָף פֿון בירגערקריג, ווען אין „בונד“ זײַנען נאָך פֿאַרבליבן נישטיקע רעשטלעך, האָט זיך דער „בונד“ צום דריטן מאָל צעשפּאָלטן, און דער לינקער טייל האָט אין אַ רעזאָלוציע דערקלערט: „אַז ס'איז געקומען די צײַט, אַז דער „בונד“ קען נעמען אַף זיך די פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט פֿאַר דער סאָוועטנמאַכט, און קען אָנעמען די פּראָגראַם פֿון קאָמינטערן“. דערדאָזיקער לעצטער לינקער פֿליגל פֿון „בונד“ האָט זיך אין אַפּרעל 1921 יאָר אַרײַנגעגאָסן אין דער ר. ק. פּ.

דער פֿאַרבליבענער רעכטער פֿליגל האָט ווײַטער פֿאָרגעזעצט זײַן פֿריערדיקע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע טעטיקײַט. די רעכטע פֿירער פֿון „בונד“ בעראָש מיט אַבראַמאָוויטשן האָבן עמיגרירט אין אויסלאַנד, און זיי פֿירן ביז הײַנטיקן טאָג אַ שענדלעכן קאַמף קעגן סאָוועטן-פֿאַרבאַנד. דער צענטער פֿון דער גאַנצער בונדישער טעטיקײַט איז איצט געוואָרן פּוילן, וווּ דער „בונד“ פֿירט אונטער דער שוץ פֿון פּילסודסקעס זשאַנדאַרמעריע אַ קאַמף קעגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון פּוילן און קאָמינטערן.

פֿון דעם איז געדרונגען, אַז ווען מיר ריידן וועגן „בונד“ און „בונדיזם“, טאָר מען בעשום־אופֿן ניט פֿאַרדעקן דעם אָפּאָרטוניזם און נאַציאָנאַל-שאָוויניזם פֿון „בונד“ ביז דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע און זײַן קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער נאָך דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע. פֿאַרקערט, פֿאַר יעדן באָלשעוויק שטייט גאַנץ אַקטועל די פֿראַגע צו דעמאַסקירן דעם „בונד“ און אויפֿווײַזן זײַן עמעסן כאַראַקטער, קעדיי דורך דעם מיטצוהעלפֿן אונדזערע כאַווייריםאין פּוילן אין קאַמף קעגן די בונדישע פֿאַרעטער פֿון אַרבעטער-קלאַס. צום באַדויערן, מוז קאָנסטאַטירט ווערן, אַז אָנשטאָט צו פֿירן אַ קאַמף קעגן בונדיזם, וועלכער האָט נאָך איצט אַזאַ אַקטועלע באַדײַטונג, באַמערקן מיר זייער אָפֿט אין די לעצטע יאָרן אַ פֿאַרקערטע דערשײַנונג: מיצאַד אַ גאַנצער ריי כאַווייריםגעוועזענע בונדיסטן איז געווען, און טיילווײַז איז נאָך דאָ אַ טענדענץ צו אידעאַליזירן דעם „בונד“ און אים פֿאָרשטעלן ווי אַ מין באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציע אין דער רעוואָלוציע פֿון 1905-טן יאָר און פֿאַרדעקן זײַן קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער אין דער עפּאָכע פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע. ווי ווײַט דידאָזיקע טענדענץ איז דורכגעדרונגען און וואָס פֿאַר אַ קאַמף עס איז אויסגעקומען צו פֿירן קעגן דער אידעאַליזאַציע פֿון „בונדיזם“,—וועלן באַווײַזן די פֿאָלגנדיקע פֿאַקטן.

* * *

פֿאַר דעם אַרײַנטרעטן פֿון די בונדאָווצעס אין דער פּאַרטיי, האָבן די איצטיקע מיטגלידער פֿון דער אַל.ק.פּ. און די דעמאָלסטדיקע פֿירער פֿון „בונד“ די כ״כ פֿרומקינאַ, ליטוואַקאָוו און ווײַנשטיין געפֿאָדערט פֿון אונדזער פּאַרטיי, אַז דער „בונד“ זאָל אײַנהייטן זײַענדיק אין די רייען פֿון אַל.ק.פּ., זײַנע אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿאָרמען און זײַן נאָמען, ווי ער האָט געהאַט אין די רייען פֿון דער ר.ס.-ד.-אַ.-פּ. פֿאַר דער 12-טער קאָנפֿערענץ פֿון „בונד“, ווען אַף די זײַטן פֿון דער בונדישער פּרעסע איז הייס דיסקוסירט געוואָרן די פֿראַגע וועגן אַרײַנטרעטן אין די רייען פֿון דער ר.ק.פּ., האָט די כ-טע עסטער אין איינעם פֿון אירע אַרטיקלען געשריבן:

„און זאָל דאָס איצט אין דעם לעצטן מאָמענט קלאָר און דײַטלעך געזאָגט ווערן, וואָס ס'זאָל ניט געשען מיטן נאָמען פֿון „בונד“, מיט דער פֿאָרם פֿון „בונד“. וואָס פֿאַר אַ באַשלוסן די קאָנפֿערענץ זאָל ניט אָנעמען—דער בונדיזם וועט לעבן ביזוואַנען ס'וועט לעבן די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג, ביזוואַנען ס'וועט לעבן דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, דער בונדיזם וועט לעבן און זיגן“.

אַף דער קאָנפֿערענץ גופֿע האָט זי געזאָגט:

„מיר האָבן דעם קאָמינטערן דערקלערט: איר קענט אונדז צווינגען, איר קענט אונדז ברעכן, איר קענט אונדז אָבער ניט איבערמאַכן, מיר בלײַבן דאָס, וואָס מיר זײַנען געווען. כאַווייריִם, ציִ קענט איר זיך פֿאָרשטעלן, אַז דער „בונד" האָט געקענט דערגיין צו אַזאַ לאַגע, אַז זײַנע פֿירער האָבן אים פֿאַראַטן?"

די דאָזיקע רעדע האָט די רעדנערן פֿאַרענדיקט מיט די פֿאָלגנדיקע ווערטער:

„לאָמיר ווײַזן, אַז די פֿאָרם פֿון „בונד" האָט אויסגעשמידט די ייִדישע אַרבעטערבאַוועגונג, אַז מיר קענען אָן איר אויך לעבן און אויפֿריכטן די ייִדישע אַרבעטערנאַציע. פֿון דעם שטאַנדפּונקט דאַרף מען היטן דעם קאָפּ, וועלכער וועט אײַך ווײַטער פֿירן צום קאַמף. דער קאָפּ איז מער פֿון אַלעמען פֿאַרבלוטיקט, ווײַל ער איז דער קאָפּ..."

אין דער צײַט, ווען די בונדיסטן זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין דער פּאַרטיי, האָט אַף אַ פֿײַערלעכער פֿאַרזאַמלונג פֿון מינסקער אָרגאַניזאַציע פֿון ק.פּ.ב. דער פֿירער פֿון בונד" כ׳ ווײַנשטיין דערקלערט:

„איך באַהאַלט ניט פֿון אײַך, אַז מיר האָבן נאָך די דאָזיקע מיינונגען ניט געביטן. מיר פֿאַרבלײַבן באַ דער מיינונג, אַז פֿאַר דער ווײַטערדיקער באַוועגונג פֿון אַן אַרבעטער-רעוואָלוציע וואָלט געווען מער נוצלעך, אויב די ייִדישע קאָמוניסטישע אַרבעטער וואָלטן געהאַט זייערע גענוגנדיקע באַוועגנדיקע פֿאָרמען פֿון אַנטוויקלונג („איזוועסטיאַ" צ.ק. ק.פּ.ב. נום. 4. 1921 יאָר).

דעם 15-טן מאַרט 1921 יאָר איז אין נומער 170 פֿון דער וויטעבסקער צײַטונג „דער רויטער שטערן" געווען געדרוקט אַן אַרטיקל פֿון כ׳ אַבראַם אונטער דעם נאָמען „דער „בונד" האָט געזיגט", אין וועלכן ער האָט געשריבן:

„אין אַ פּאָלעמישן אַרטיקל האָט מען געקענט שרײַבן וועגן נאַציאָנאַליזם, וועגן אָפּגעזונדערטקײַט פֿון „בונד" א.א.וו. כאָטש אַזוינע טענדענצן און שטרעבונגען, וועלכע טראָגן אָבער ניט אַזעלכע שאַרפֿע פֿאָרמען, זײַנען אין „בונד" געווען און פֿאַראַן, אָבער ווען מיר באַטראַכטן דעם אָרגאַניזאַציע-שטרײַט צווישן דעם „בונד" און ר.ס.ד.א.פּ. איצט אין דער ר.ק.פּ. ערנסטער און גרינטלעכער, מוזן מיר מודה זײַן, אַז דער שטרײַט איז דערפֿאַר פֿאָרגעקומען, ווײַל דער „בונד" האָט ניט געוואָלט לעבן אָפּגעזונדערט, ווײַל ער האָט פֿאַרשטאַנען און איז געווען איבערצײַגט, אַז זײַן אָרט איז אין דער פּאַרטיי, אין די רייען פֿון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. קיינע טענדענצ פֿון זעלבשטענדיקער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, האָט דער „בונד" קיינמאָל ניט געהאַט. עס האָט זיך אַלעמאָל געפֿילט, אַז מיט אַ ווייטיק אין האַרצן האָט דער „בונד פֿון 1903 ביז 1917 געדאַרפֿט זײַן אויסער די רייען פֿון דער ר.ס.ד.א.פּ. און דאָסזעלבע אויך איצט, ווען אים איז שוין אַלס קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע פֿון ייִדישן אַרבעטער-קלאַס מיט דער פּראָגראַם און טאַקטיק פֿון דער רוסלענדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אויסגעקומען צו זײַן אויסער די רייען פֿון דער ר.ק.פּ.

און איצט, ווען דער „בונד" האָט באַקעמפֿט אין זיך די טענדענצן, וועלכע האָבן אים אָפּגעהאַלטן פֿון דעם פֿאַרייניקן זיך מיט דער ר.ק.פּ., מוז מען זאָגן, אַז דער „בונד" האָט געזיגט. דער רעוואָלוציאָנערער ייִדישער אַרבעטער האָט מענאַצייעך געווען".

ווי מיר זעען פֿון דעם דאָזיקן אַרטיקל קומט אויס, אַז דער „בונד" איז געווען אַן עמעסע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע און דאָס, וואָס לענין, פּלעכאַנאָוו און די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי האָט אין משך פֿון צוויי צענדליק יאָר געפֿירט אַ קאַמף קעגן דעם בונדישן נאַציאָנאַליזם און קעגן די טענדענצן פֿון אָפּזונדערן דעם ייִדישן אַרבעטער-קלאַס פֿון דער ר.ס.ד.א.פּ.—דאָס איז נאַר געווען, לויט דער מיינונג פֿון אַבראַמען, אַ פּאָלעמישער אַרויסטריט, אָבער קײַן באָדן האָבן די באַשולדיקונגען קעגן „בונד" ניט געהאַט. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ, וואָס עס איז געשריבן געוואָרן אין דעם אַרטיקל צו אידעאַליזירן דעם „בונד". אָט וואָס דער שרײַבער האָט ווײַטער געזאָגט:

„דער ערשטער אַפֿן אַרענע פֿון קלאַסן-קאַמף פֿון רוסלאַנד, דער ערשטער פֿירער פֿון אַרבעטער-קלאַס, דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד אין 1898, דער ערשטער קאַמף-פֿעיִקער אַוואַנגאַרד פֿון רוסלענדישן און אויך יידישן פּראָלעטאַריאַט איז געווען דער „בונד". דער „בונד" איז געווען די פּאַרטיי, דער אַוואַנגאַרד פֿון זיגערישן אַרבעטער-קלאַס, אין די פֿינצטערע יאָרן פֿון דער צאַרישער רעאַקציע.

... די פֿאַרביסנסטע סאָנים פֿון „בונד" סײַ מיצאַד דעם אַסימיליאַטאָרישן רוסיפֿיקאַטאָרישן לאַגער (מיסטאָמע לעניִן און די איסקראָווצעס—ש. א.) סײַ מיצאַד דעם בורזשואַזן ציאָניסטישן און בעסויכאָם אויך סאָציאַל-ציאָניסטישן מיט דער יעקאָפּע אינײַנעם, וועלן זיכער ניט אָפּלייקענען די פֿאַרדינסטן פֿון „בונד" אין מעשעך פֿון 25 יאָר.

... דער „בונד" איז געווען די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע פֿון דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס, דער „בונד" האָט געשטרעבט און געפֿירט די יידישע מאַסן דורך שווערן קאַמף, דורך שווערן רעוואָלוציאָנערן וועג צום קאָמוניזם... דער „בונד" דערפֿילט זײַן הייליקע מיסיע, פֿריער צו שפּעטער—דאָס האָט אַן אַנדערש מאָל אַ גרויסע באַדײַטונג, אָבער ניט הײַנט, ווען מיר באַהאַנדלען דעם לעצטן שײנעם טריט פֿון „בונד".

... און איצט נאָך דער אויסעראָרדנטלעכער קאָנפֿערענץ פֿון „בונד", ווו עס איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס צו פֿאַרייניקן זיך מיט דער רוסלענדישער פּאַרטיי קענען מיר מיט אַ רויִקער האַרץ, מיט באַפֿרידיקונג און באַגײַסטערונג זאָגן, אַז דער „בונד" האָט די מיסיע דערפֿילט, דער „בונד" האָט געבראַכט דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס אין די רייען פֿון קעמפֿנדיקן פֿאַרן קאָמוניזם פּראָלעטאַריאַט און דערמיט דערפֿילט זײַן היסטאָרישן כויוו".

כ' אַבראַם האָט מער אָדער ווייניקער געדאַרפֿט וויסן, אַז דער „בונד" איז ניט געווען דער איינציקער פֿאָרשטייער פֿון פּראָלעטאַריאַט, אַז ער האָט ניט געבראַכט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין די רייען פֿון דער ר.ק.פּ., ווײַל ביז דעם אַרײַנקומען פֿון די רעשטלעך פֿון „בונד" אין דער פּאַרטיי, זײַנען טויזנטער יידישע אַרבעטער געווען אין די רייען פֿון ר.ס.ד.א.פּ. און דערנאָך אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי נאָך דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע. ער האָט אויך געדאַרפֿט וויסן, אַז דער „בונד" איז ניט געווען און האָט קיינמאָל ניט געקאָנט זײַן דער אַוואַנגאַרד פֿון אַלרוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט. און מער פֿון אַלץ האָט אַ קאָמוניסט געדאַרפֿט וויסן, אַז אַרײַנקומענדיק אין די רייען פֿון דער ר.ק.פּ., האָט ניט דער „בונד" געזיגט מיטזײַן נאַציאָנאַליזם, איבער דער ר.ק.פּ., נאָר עס האָט געזיגט דער באָלשעוויזם, עס האָט געזיגט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

אָבער ניט נאָר אין „רויטן שטערן" קענען מיר געפֿינען אַזעלכע לויב-געזאַנגען וועגן דער געשיכטע פֿון „בונד", אויך אין „עמעס" פֿון ערשטן מײַ 1921 יאָר, וועלכער איז אַרויס אין מאָסקווע אונטער דער רעדאַקציע פֿון כ' ליטוואַקאָוו, וואָס איז דאַן אַרײַנגעטראָטן אין דער פּאַרטיי, געפֿינען מיר, אַז דער גאַנצער נומער פֿון דערדאָזיקער צײַטונג איז געווידמעט דער אידעאַליזאַציע פֿון „בונד". אין אַן אַרטיקל „ר.ק.פּ. און „בונד", געשריבן פֿון ליטוואַקאָוון אונטער דעם פּסעוודאָנים „ניצעץ", זינגט ער אַ לויב-געזאַנג דער געשיכטע פֿון „בונד" און דערקלערט, אַז די אַרײַנטרעטונג פֿון „בונד" אין דער ר.ק.פּ. איז אַ העראָישער אַקט. אין דעמדאָזיקן נומער האָט כ-טע עסטער פֿרומקינאַ אין אַן אַרטיקל וועגן דעם ערשטן מײַ געשריבן, אַז די ערשטע מײַ-דעמאָנסטראַציע אין ווילנע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויסשליסלעך פֿון „בונד", און נאָר יידישע אַרבעטער זײַנען באַשטראָפֿט געוואָרן מיט לייב-שטראָף פֿאַר נעמען אַן אנטייל אין דערדאָזיקער דעמאָנסטראַציע, און האָט איגנאָרירט איגנאַנצן די אַלע באַקאַנטע פֿאַקטן, אַז צווישן די 26 געליטענע פֿון לייב-שטראָף זײַנען געווען 8 פּוילישע אַרבעטער, און אַז צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דעם אָנפֿאַל אַף פֿאָן-וואַלן, זײַנען אויך געווען צוויי פּוילישע אַרבעטער.

אין מאַי 1922 יאָר, האָט די צ. ב. פֿון די ייִדסעקציעס פֿון ר.ק.פּ. אַרויסגעלאָזט אַ זאַמל-בוך געווידמעט דעם 20-טן יאָרצײַט פֿון הירש לעקערט. דערדאָזיקער יאָרצײַט איז געפּײַערט געוואָרן אין אַלע ייִדישע צענטערן פֿון סאָוועטן-פֿאַרבאַנד; אָבער דערדאָזיקער יאָנטעוו איז מער געווען געווידמעט דעם „בונד“ ווי לעקערטן. אין אַ פֿאָרוואָרט צו דעם ביכל „הירש לעקערט“, וואָס די צ. ב. פֿון די ייִדסעקציעס האָט אַרויסגעלאָזן אונטער דער פֿירמע פֿון ר.ק.פּ., זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע שטעלן, וועלכע כאַזערן איבער די געדאַנקען, וואָס אַבראַם האָט אַרויסגעזאָגט מיט אַ יאָר צוריק אין „רויטן שטערן“.

„מיט שטאָלץ האָבן די אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטער—די נעכטיקע פּאַריער צווישן די פּראָלעטאַריער—געקענט זאָגן וועגן זיך, אַז זיי זײַנען דער אַוואַנגאַרד פֿון דער רוסישער אַרבעטער-באַוועגונג. אַלס אַזעלכער איז דער ייִדישער אַרבעטער געגאַנגען אין די פֿאָדערשטע רייען זײַן גאַנצן לעצטן צענדליק יאָר פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט“.

ווי מיר זעען, איז, לויט דער מיינונג פֿון די פֿאַרפֿאַסער פֿון דעמדאָזיקן ביכל ניט געווען קיין „גרופּע באַפֿרײַונג פֿון אַרבעט“; עס איז ניט געווען לענין; עס איז ניט געווען פּלעכאַנאָוו; עס זײַנען ניט געווען די „פֿאַרבאַנדן פֿון קאַמף פֿאַר דער באַפֿרײַונג פֿון אַרבעטער-קלאַס“; עס איז ניט געווען די פּוילישע סאָציאַלדעמאָקראַטישע און עס איז בכלל ניט געווען קיין אַנדער אַרבעטער-קלאַס כוץ דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט בעראָש מיטן „בונד“, וועלכער האָט אָנגעפֿירט מיטן פֿרײַהײַט-קאַמף פֿון רוסלאַנד. דערדאָזיקער שאָוויניסטישער אַבסורד איז געשריבן געוואָרן אין אַ בראָשור, וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אונטער דער פֿירמע פֿון ר. ק. פּ. און עס ווערט נאָך ביז הײַנטיקן טאָג אונטערגעטראָגן ווי אַ לערבוך צו אויספֿאָרשן די געשיכטע פֿון ערשטן מײַ אין ווילנע, אין 1902 י.

אין דערזעלביקער בראָשור, אַף דערזעלביקער זײַטל, געפֿינט זיך דער פֿאָלגנדיקער זאַץ:

„דער „בונד“ איז דעמלט געווען אַ ברייטע פֿאַרצווײַגטע מאַסן-אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון עקאָנאָמישע קאַסעס מיט די אָנפֿירנדיקע קאָמיטעטן, וועלכע האָבן באַדאַרפֿט דורכדרינגען די גאַנצע אָרגאַניזאַציע מיט סאָציאַליסטישע אידייען פֿון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, וועלכע האָט אירע אויפֿגאַבן אין אַ גרויסער מאָס דערפֿילט, אָבער ניט גענוג ברייט, לײַדנדיק אַף דיזעלבע פֿעלערן, ווי די גאַנצע רוסישע אַרבעטער-באַוועגונג“.

אַף אַזאַ אויפֿן קומט אויס, אַז דער „בונד“ איז באַגאַנגען דיזעלבע פֿעלערן, וואָס די גאַנצע רוסישע אַרבעטער-באַוועגונג. דידאָזיקע ווערטער זײַנען נויגייע יענעם פּעריאָד, ווען דער בונד האָט אין 1901 אָנגענומען אַ נאַציאָנאַליסטישע פּראָגראַם, און דעם נאַציאָנאַליזם געשטעלט העכער ווי די אינטערעסן פֿון אייניקײַט פֿון אַרבעטער-קלאַס; דאָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן דעם פּעריאָד, ווען לענין, פּלעכאַנאָוו און די „איסקראַ“ האָבן געפֿירט אַ פֿאַראַקשנטן קאַמף קעגן בונדישן נאַציאָנאַליזם. און דאָך קומט אויס באַ די געוועזענע בונדאָווצעס, אַז דער „בונד“ איז דאַן באַגאַנגען דיזעלבע פֿעלערן ווי די גאַנצע רוסישע אַרבעטער-באַוועגונג.

אין דעקאַבער 1923 יאָר האָט דער כ׳ מ. ליטוואַקאָוו, ווידער צוגעטראָגן אַ לויב-ליד דער געשיכטע פֿון „בונד“. דערדאָזיקער לויב-געזאַנג איז געשריבן געוואָרן צו דעם 5-יאָריקן יובילײ „וועקער-שטערן“ און אָט ווי ליטוואַקאָוו כאַראַקטעריזירט די געשיכטע פֿון „בונד“:

„...אַ שטיק צײַט האָט טאַקע די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט אַף זיך אַרויפֿגעצויגן די מאָרעשכוירע פֿון באַלטשוועס, זי האָט אַליין זיך געגריבלט אין די ווונדן פֿון איר קורצווײַליקער פֿאַרשפּעטיקונג. אָבער די פּראָלעטאַרישע לעבן-לוסט באַזירט אַף שווערע מי און שאַפֿונג, האָט סאָפֿקאָלסאָף גוירער געווען די מאָרעשכוירע—און דאַן האָבן מיר דערפֿילט ניט בלויז, וואָס די ר.ק.פּ. האָט אונדז געגעבן, נאָר אויך מיט וואָס מיר זײַנען צו איר געקומען.

מיר האָבן אָנגעהויבן מער ערנסט זיך באַציען צו אונדזער אייגענער ירושה. אין ערשטן מאָמענט פֿון אונדזער נײַ־דערוואָרבענער קאָמוניסטישער־באָלשעוויסטישער פֿרייד זײַנען מיר נויטע געווען אינגאַנצן אָוועקוואַרפֿן מיט דער האַנט 25 יאָר אייגענע אַר־בעטער־געשיכטע, וועלכע איז בײַ אונדז אויסגעקומען ווי אַ בלויזער היסטאָרישער פֿעלער... מיר האָבן פֿיל געגרײַזט אין אונדזער פֿאַרגאַנגענהײַט, אָבער מיט גאָר ווייניק דאַרפֿן מיר זיך שעמען".

אַזוי האָט געשריבן ליטוואַקאָוו אין זײַן אַרטיקל „דער געיאַרש:טער יורעש", לויט זײַן מיינונג נאָך קומט אויס, אַז עס איז גאָר ניטאָ זיך מיט וואָס צו שעמען מיט דער גע־שיכטע פֿון „בונד". דער „בונד", וועלכער האָט פֿאַרסאַמט די יידישע אַרבעטער־מאַסן מיט נאַציאָנאַליזם און אָפּאָרטוניזם ביז דער פֿעוראַל־רעוואָלוציע, וועלכער איז געגאַנגען פֿון פֿעוראַל ביז אָקטיאַבר צוזאַמען מיט די מענשעוויקעס, עסערן און דעם 18־טן יון 1917 דעמאָנסטרירט אונטער אַזעלכע לאָזונגען צוזאַמען מיט די דאָנער קאָזאַקן, דער „בונד", וועלכער האָט געהאָלפֿן אין די יול־טעג צו אַרעסטירן און צעשיסן באָלשעוויקעס, וועלכער האָט זיך געשטעלט אין דער צײַט פֿון דער אָקטיאַבר־רעוואָלוציע קעגן דער אַרבעטער־ און פויערים־מאַכט—אָט דער „בונד" איז לויט ליטוואַקאָוון באַגאַנגען אַזעלכע טאָעסן, מיט וועלכע מע דאַרף זיך ניט שעמען.

און די געוועזענע בונדיסטן האָבן זיך אינדערעמעסן ניט געשעמט מיט זייערע טאָעסן. אין 1924 יאָר האָט דער מיטגליד פֿון צ. ב. פֿון די יידסעקציעס דער כ׳ י. לעווין אונטער דער רעדאַקציע פֿון דער כ־טע עסטער אַרויסגעגעבן אַ ביכל ספּעציעל פֿאַר דער יוגנט. דאָס־דאָזיקע ביכל, וועלכער רופֿט זיך „דער יוגנט־בונד", איז אַ דורכויסיקער לויב־געזאַנג דער געשיכטע פֿון „בונד".

אין 1925 יאָר, ווען מען האָט אָנגעהויבן זיך גרייטן פֿײַערן די רעוואָלוציע פֿון 1905 יאָר, מערקן זיך ווײַטער אַ ריי פֿאַקטן פֿון פֿאַרזוכן צו מאַכן דעם „בונד" פֿאַר אַ באָל־שעוויסטישע אָרגאַניזאַציע. מ. ראַפֿעס האָט אין אַ פֿאָרעדע צו אַ זאַמל־בוך „דער יידישער אַרבעטער אין דער רעוואָלוציע פֿון 1905 יאָר" געשריבן, אַז דער „בונד" האָט זיך אין 1905 יאָר „באָלשעוויזירט". ער האָט זיך אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז גראָדע אין 1905 יאָר האָבן די באָלשעוויקעס געפֿירט אַ פֿאַראַקשנטן קאַמף קעגן בונדישן נאַציאָנאַליזם. און בלויז נאָר דאַן, ווען עס איז דערשינען אַ רעצענזיע אין „איזוועסטיא" פֿון ציק ס.ס.ר. מיט אַ קריטיק וועגן די פֿאַרזוכן צו באָלשעוויזירן דעם „בונד", האָט ראַפֿעס אָנגעשריבן אַ בריוו אין רעדאַקציע, אין וועלכן ער אנערקענט זײַן טאָעס. אַזעלכע פֿאַקטן וועגן אידעאַליזירן דעם „בונד" האָבן זיך באַמערקט נאָך אין אַ גאַנצער ריי פֿאַלן. אומעטום האָט מען זיך באַמיט, פֿון איין זײַט, צו ווײַזן די גרויסע „רעוואָלוציאָנערע פֿאַרדינסטן" פֿון „בונד", און, פֿון דער צווייטער זײַט, אינגאַנצן פֿאַרדעקן די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע ראָל פֿון „בונד" אין דער אָקטיאַבר־רעוואָלוציע.

(סאָף קומט).

ס. זשוקאָווסקי.

# ניט קיין ביניעז, נאָר רעשטאוואניעס.

(וועגן מאַרקישעס „ברידער״).

## מאַטעריאַלן צו אַ קריטישער אויספֿאָרשונג.

(סאָף).

פֿאַנאַנדערקלײַבנדיק אין אונדזער פֿאָריקן קאַפּיטל דעם קינסטלערישן שטאָף פֿאַר דער גענעאַלאָגיע פֿון די „ברידער״, זײַנען מיר געקומען צום אויספֿיר, אַז ער קלעקט אַפֿילו ניט פֿאַר קיין סכעמע. אַנאַליזירן מיר איצט דעם געהעריקן שטאָף פֿון די ווײַטערדיקע קאַפּיטלעך (פֿונם XIII־טן אָן: דאָ איז ער פֿאַראַן אין אַ גרעסערער מאָס), איבערצײַגן מיר זיך, אַז דעררעאַזיקער סכעמאַטיזם אין דער קינסטלערישער שילדערונג פֿון די „ברידער״, פֿון די צוויי יידישע אַרבעטער-באַלשעוויקעס איז קלאָל ניט קיין צופֿעליקײַט בײַ מאַרקישן. ניין, ער דרינגט אָרגאַניש אַרויס פֿון יענעם פּסיכאָלאָגישן אַספּעקט, אין וועלכן דער דיכטער ווײַזט אונדז זיי; אַנדערש געריידט: מיר האָבן צו טאָן מיט אַזאַ מין טעמאַטיש-קאָמפּאָזיציאָנעלן פֿעלער: ניטצוועקמעסיקער, דעסטרוקטיווער שטאָף — אויסוואַל פֿאַר קינסטלערישער פֿאַרוואַנדלונג — וואָס איז דעטערמינירט (באַשטימט) דורך אַ סטיכיש-רעוואָלוציאָנערער (בײַ אַן אינטעליגענט) אידעאָלאָגיע.

## I. שלוימע־בער.

1. פֿונם XVII־טן קאַפּ. דערוויסן מיר זיך, אַז:

— „מיט אַ מאַנדאַט באַקומען ספּעקוליאַציע,

— אַראָפּ איז פֿונם פֿאַנצער־ציג אין שטעטל שלוימע־בער״.

דערבײַ קומט אום דער שטעטלשער גוויר ראַכמיל.

גראָדע דיראַזיקע „עקסקורסיע״ שלוימע־בערס צו זיך אין שטעטל, דערבײַ מיט אַזאַ שליכעס, איז זייער אַ דאַנקבאַרער און עפֿעקטיווער פּלאַצדאַרם פֿאַר אַ רעוואָלוציאָנערן קינסטלער: דורכן שאַרפֿסטן סאָציאַלן קאָנפֿליקט אויסוועבן דעם אינדיווידועלן פּאָרטרעט פֿונם קעמפֿער. וואָס-זשע אָבער האָבן מיר בײַ מאַרקישן?

דאָס שטעטל, די שטיבלעך, די ווענט, יעזעפּ מעקלער, שטייגער-דעטאַל פֿון מיליטערישן קאָמוניזם, שושקערײַען וועגן שלוימע-בערס קומען און... שלוימע-בערס ווערטער „ווי די פֿונקען״ פֿון די פֿענצטער...

— „קאָנטראַבאַנד — זייִ! ספּעקוליאַציע — זייִ!

— און די רעוואָלוציע גייט דאָרט אויס פֿון הונגער,

— און די קליינע קינדער גיט מען קײַן זײַף!״

— און אין גרויס געפֿאָר שטעלן זיי די פֿרײַהײַט,

— און דער רעוואָלוציע טרעפֿן זיי אין רוקן.

— אָט וועט מען אַ פּאָר און נאָך אַ פּאָר צעבײַטן,

— וועלן זיי פֿאַרגעסן, וועט מען זיך באַרויקן״.

היסטאָריש גענומען, זײַנען דיראַזיקע ווערטער אוואַדע נאַטירלעכע און ריכטיקע. אַזוי אָבער פֿלעגן דאָך אַלע קעמפֿער ריידן, (פֿונם אינהאַלט־שטאַנדפּונקט) און מיר זשע האָבן אינזינען די אינדיווידועלע שפּראַך פֿון שלוימע-בערן!

פֿאַרוואָס ווײַזט אונדז זי ניט מאַרקיש?

געפֿינט ער דאָך יאָ פֿאַרן דערמאָנדיקן שטייגער אַזאַ דעטאַל, ווי „קליינע קינדער קײַן זײַף!״

צוויי מאָל קערט זיך אום שלוימע-בער צו זיך אין שטעטל; צוויי מאָל מיט שאַרפֿסטע סאָציאַלע שליכעסן: ווי די שטעטלשע מאַכט און צו באַקומען די ספּעקוליאַציע און ביידע מאָל — הערן מיר אים בלויז דורכן פֿענצטער.

2. אָפֿן וועג צו אדעס. אַ פֿינצטערע נאַכט אין די בערג. שלוימע־בער מיט סערקען. דער שטורעמדיק גרויזאַמער יאַם, דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער לאַסט און טויט־געפֿאַרן—מאַכן באַזונדערס אינטים די קעמפֿערישע כאַווערישקײַט און לייזן אויף די געמיטער און צינגער. הערט אָבער ווי שלוימע־בער רעדט, דערמאָנענדיק זיך אין אַזריעלן, ראַכמילס טויט א. ד. ג.

— „שוין אַזויפֿיל געהאַנגען, געהאַרגעט און נאָך,
— עפּעס דאַרף מען אַזאַ... אַזאַ שרעקלעכן בראָך!
—פֿאַרשטייסט, דער בורזשוי—קוקט זיך און לאַכט,
— און ציילט אונדז די קעפּ, ווי די רענדלעך אין מאַרק“.

און ווײַטער: „סערקע פֿאַרשטייסט ס'איז דאָך קלאַס קעגן קלאַס“. (ז. 188).
פּונקט ווי בײַ מאַיאַקאָווסקען און פּונקט אַזוי „געלונגען“ ווי בײַ אים!

3. אויסגעשטאַנען טיפֿוס־קרענק (דער XXIV-טער קאַפּ., ווו עס ווערט געשילדערט, איז זייער אַ בילדערישער און קינסטלעריש־איינהייטלעכער) דערלאַנגט שלוימע־בער צוזאַמען מיט זײַן כינעזישן כאַווער צו די קרימער בערג, ווו ס'איז אים באַשערט העלדיש אומקומען. אָבער אַ מאָדנע זאַך: דערדאָזיקער אומקום שלוימע־בערס איז אַזוי ווי אָנגעשנורעוועט אַף אַ באַזונדערן טויבן־פֿאָדעם, ווערט באַלויכטן דורך אַ באַזונדערן טויבן־אַספּעקט... אינדערעמעסן: פֿון שלוימע־בערס יוגנט ווייסן מיר, אַז ער איז געווען אַ פֿאַרקאַכטער, געפֿערלעכער טויבן־יונג.

טראַכטנדיק וועגן זײַן היים, וועגן אַזרילן—אין די שלאַכטן שוין—פֿלעגט ער מיט אַ באַזונדער געפֿיל דערמאָנען די טויבן; אין די קרימער בערג לערנט ער זײַן מיטקעמפֿער דעם כינעזער—„טויבנכאַפּערײַ“, אומגעקומען, ווערט ער—אין דער פֿאָרם פֿון אַ דיכטערישער זעונג—אַליין מעגולגל אין אַ מין פֿליענדיקן געשטאַלט:

— „אַ סימכע איז אַ ליכטיקע אין בלויע האָריזאָנטן,
— עס טראָגט דאָרט אָרום אַ מעווע—שלוימע־בערן“.

און ווײַטער:

— „שלוימע־בער אַף ווײַטן, שלוימע־בער אַף ברייטן,
— ווײַנגערטנער דערשראָקענע, פּערשקעלעך און טרויבן,
— ווו ביסטו, שלוימע־בער, דו זאָלסט אַזאַ געשריי טאָן:
— אַז וואָס איז דען דאָס האַרץ מיר טײַערער פֿון טויבן?“

— פֿון טאַטערישן קרים און צו קאַווקאַזער בערג,
— אַף כוואַליעס אַף געזאָטלטע מיט רויטע אינדערפֿריען
— רײַט דאָרט אַן אַרמייער אַ פֿאַרקלערטער שלוימע־בער,
— ערגעץ אַף אַנקעגן—סערקען און אַזרילן.

... רײַט ער שלוימע־בער—פֿאַרקלערט, פֿאַרקוקט פֿונויבן,
ס'איז צעבליט זײַן האַרץ—אַ וווּנד אין רויטע פּאַסן:
מע דאַרף שוין ניט, מע דאַרף שוין ניט אַצינד פֿאַר זײַנע טויבן
אָנגיסן די שיסעלעך פּולינקע מיט וואַסער.

אַף דער הוט—אַ שטערן; אַף די שטיוול—שטויבן.
רויט זײַנען די האָר—פֿרימאָרגנדיק מיט טויען.
מע דאַרף שוין ניט אַצינד פֿאַר זײַנע טײַערינקע טויבן
אַרופֿטראָגן אין טויבנשלאַק דעם אַרבעס מיט פּאַפּשויען“.

אַלזאָ, שלוימע־בער טראָגט זיך איבערן שטעטל—

— „מיט פֿיס, ווי מיט אַ שער, די לופֿטן הילכיק שנײַדט ער“—

שפּאַגאַלס ייד פֿליט מיט אַ פֿירעלע, אַזריעלדיק...
און פֿרעגט זיך אַלץ אָן אַף די ליבע און נאָענטע: אָפֿן פֿאָטער, אַף דער מוטער, אַף אַזרילס פֿידל־שפּילן, אַף די טויבן... נאָר אַזריל איז שוין אויך ניטאָ.

„ער צעשרויפֿט דאָרטן אַ רעלס אַף שטערנדיקע מילכוועגן“.

שלוימע־בער פֿאַרקערעוועט:
— „אַזריל, אַזריל, ס'איז שווער? אוי ברודערל, ס'איז שווער דיר?
— כ'וועל גיין, כ'וועל גיין צו דיר אַף פֿרייד און אַף געפֿאַרן!..
— „ערגעץ האָט אַ טויבנשלאַק אַן אַלטער ניט דערוואַרט זיך“...

ניט דערוואַרט זיך האָט אויך דער אַלטיטשקער, אָפענער טײַטשכומעש. די מוטער איז אַוועק „ערגעץ אַף די וועגן" אופזוכן די קינדער, זײַנען געבליבן:

— לײַכטער צוויי צוקאָפּנס, אומעטיקע גלײַכע,
— סווינט אַראָפּ צום פאָל דער שאָבעסדיקער טישטעך,
— קיינער וועט דעם טײַטשכומעש מער שוין ניט פאַרמאַכן,
— מער שוין ניט פאַרמאַכן, מער שוין ניט קײן קוש טאָן...

— גיט זיך נאָך דער טײַטשכומעש אַ שורווע מיט די בלעטער,
— גיט זיי נאָך אַ הויב, ווי טויטע פליגל דאַרע.
— ווו איז זי די מאַמע? פינצטערע פאַרטרעטן,
— שנייעלעך קאָהעלשע—וואַשן זיך און טאַרן...

— פינצטער איז דאָס שטיבל, ווי אַ קייווערשער באַלעמער,
— פינצטער האָט דער טײַטש-כומעש דעם שטיבל אַלץ דערציילט.
— טוט ער אויס די ווענט, פאַרוויקלט זיך אין דעמערן
— און שטעטלט זיך אָפן שטעטל, ווי אַ שטיינערנע מאַציווע!...

— נאָר אין דרהויך שנײַרט אויף דעם הימל דעם פאַרבלײַטן
— אַן אופגעבליטע בלאַט, אַ בלאַט, ווי אַ שטיק פײַער,
— און ס'ליינען זי די ווינטן, און ס'לײַנען זי די ווײַטן:
— אין אָנפאַנג איז געווען גראַנגלעניש פאַר פײַער.

ווי כאַראַקטעריסטיש עס זײַנען די ראַזיקע ביידע זעונגען: שלוימע-בערס פלי-געשטאַלט און דעם טײַטשכומעשס אַליע! געוויס, די זאַך איז ניט אין שלוימע-בערס טויבן-פאַרקאַכטקײַט פאַר זיך גענומען. אַדעראַבע: ס'איז אַ שטריך, אַפילע, אַן אינדיווידועלער אין אַ געוויסער מאָס. אָבער אין מאַרקישעס דיכטערישער אינטערפּרעטאַציע הויבט עס אָן באַקומען אַ באַשטימטע סימוואַליסטישע פערספּעקטיוו. דאָסגלײַכן—שלוימע-בערס פלי-געשטאַלט. דאָ איז ווידער טאַקע דער שווערפּונקט ניט אין דער „ווירקלעכקײַט" פון דערדאַזיקער זעונג: אומרעאַל אין געוויינטלעכן זין—האָבן זיך דיכטערישע זעונגען זייער געזעצמעסיקע „ווירקלעכקײַט", און פאַנטאַסטיק איז ניט שטענדיק אַ סימען פון סימוואַ-ליזם. ווען-זשע אָבער? ווען די רייד איז בלויז וועגן אַ באַשטימטן פּאָעטישן מיטל און גאָר! הינטער מאַרקישעס זעונג-קראַפט זשע, בײַ וועמען די באַלאַדישקײַט איז גאַנץ אָפט ניט נאָר קײן הוילער קאָמפּאָזיציאָנעלער מיטל, נאָר אַ באַשטימטע וועלט-שפּירונג אויך.

ס'איז אַ טעמע פאַר אַ ספּעציעלן אַנאַליז, אָט די „באַלאַדישקײַט" ווי אַ ראָמאַנטיזם-וואַריאַנט.

אַלזאָ: הינטער מאַרקישעס זעונגען זשע שטייען אָפט טרײַב-קרעפטן פון גאָר אַן אַנדער פּסיכישן שניט, מיט אַ בעפיירעשן אידעאַליסטישן עקוויוואַלענס...

ווען בלאָק האָט פאַרענדיקט זײַן אומשטערבלעכע „צוועלף".

באַגלײַך מיט דזשאָן רידס מערקווירדיקע „צען טעג א. א. וו." וועלן זיי ניט פאַרגעסן ווערן, ביז די קינפ-טיקע דורות וועלן שטודירן דעם אָקטיאַבער-שטורעם!

אַלזאָ: ווען בלאָק האָט פאַרענדיקט זײַן פּאָעמע „צוועלף" מיט דער יעזוס-זעונג: יעזוס אין אַ רויזן-קרוין בעראָש פון די „צוועלף רויטגוואַרדייער"—האָט ער אויך אײַנזינבען געהאַט אַ גאַנץ רעאַלן, רעוואָלוציאָנערן צוועק: באַרעכטיקן אַף אַ באַזונדערן שטייגער די „וועלט-סרייפע". דאָסגלײַכן האָט אויך שאַגאַל געהאַט אַ באַשטימטע גאַנץ רעאַלע, סאָציאַל—אַ פּאָזיטיווע קינסטלערישע אידייע אין זײַן באַרימט בילד. ס'האָלט אָבער געווען אַ טאָעס צו האַלטן עס בלויז פאַר אַ באַשטימטן פּאָעטישן, דורכויס פאָרמעלן שילדערונג-מיטל. ניין: בלאָקס סימוואָליק—איז אַ „סימוואָליסטישע", אַ אידעאַליסטישע און פון אידעאַליזם ביז... פעטישיזם און מיסטיציזם איז דאָך, קעיאָדוע, שוין ניט אזוי ווײַט...

שליסן שלוימע-בערס קינסטלערישן פּאָרטרעט, דעם פּאָרטרעט פון אַ באָלשעוויק—אַ קעמפער אין אַ גראַנ-דיעזער (לויט דער פאַרמיסטונג) רעוואָלוציאָנערער עפּאָפּיי—מיט אַ שאַגאַל-וואַריאַנט—איז בעשום אויפן ניט-קײן בלויזער פאָרמעל-פּאָעטישער מאָמענט!

ווי איר ווילט זיך.

וואָס שאַיעך דעם צווייטן אָקאָרד-בילד: די אַליע פונם עלנטן טײַטשכומעש—איז עס סטאָם אַ נאָנסענס אַפילע פונם ריינעם פאָרמעל-פּאָעטישן שטאַנדפּונקט: באַשטימטע אַסאָציאַציעס האָבן פּראָוואָצירט דערויף.

# II. אָזרִיל.

אָזרִיל איז אִין פוילן אף אונטערערדִישער אַרבעט. זעען מִיר אִים דאָ בא פאַרשיידענע סִיטואַציעס. בִיז ער קומט נִיט אום מאָרטירערִישערהייט. אַנאַליזירט מען דעם געהערִיקן קונסט-שטאָף—אַזוי אִיז מען ווִידער געצווּנגען צו מאכן דרמזעלבִיקן באלאנס, וואס בענויגייע צו שלוימע-בערן.

1. טכִילעס—טעקסט:

— „אונטער פרעמדע הִימלען, אונטער פרעמדע שטערן,
— צווִישן פרעמדע גאַסן, אף א פרעמדער ערד,
— האָט אָזרִיל געכאָלעמט—קײַן וואַרשע וועט דער ערשטער
— קומען שלוימע-בער צו רײַטן אף א פערד.
— ער וועט אפן פלאץ זיך שטעלן פאַרן ראַטוש,
— זִיצן אָפן פערד און קוקן אף דער שטאָט—
— וועלן זיך אַליין פאַנאַנדערגיין דִי גראַטעס,
— וועלן זיך אַליין זיך לייגן צו זײַן טראָט!

— לִיכטיק און באַפליגלט—מעסלעס וועט נאָך מעסלעס גיין,
— ווּ זײַנען שִינעלן? ווּ זײַנען דִי גרויע?
— פאַנען וועלן פלאַטערן, פאָנען וועלן פליעסקען,
— אָט אף זײַנע אַקסל, אָט ערגעץ אין רוים.

— פאָנען ווי די טויבן, פאָכערן און פליעסקען,
— פאָכן פרייד אף ווִינטן, פאָכן פרייד אף וועגן.—
— און אָזרִיל אַ לִיכטיקער, אַ שטראַלנדער, אַ גרעסערער
— גייט צו זײַנע ברִידער, גייט צו זיי אַנטקעגן”.

אין אַזאַ צושטאַנד באַהערשט אָזרִילן א „לִיכטִיקע זעונג”:

— „הײַזער פון דִי שטאַמען, פריידיקע זיך רײַסן,
— ערגעץ אִיבער גרענעצן גייט דאָס גאַנצע לאַנד דאָרט—
— און רויטינקע מאַטראָסן הויבן אוי דאָס ווײַסל
— און טראָגן עס אִיבערהויך—אַ פלאַטערדִיקן שטאַנדאַרט.

— אין אף ווײַסל לײַבער—פיעסקען זיך דאָרט בלענדִיק
— ווי צעבליטע אויסיעס—אופשריפטן אַזוינע:
— „שטייט אוף, איר פראָלעטאַריער, שטייט אוף פון אַלע לענדער!”
— ווײַטער קאַן אָזרִיל דאָס בלענרקסאַוו גיט לייענען.
— לייענען עס די הימלען, לייענען עס די ווײַטן.
— און גיבוירים-בערג די קעפ צו דעם פאַרײַסן;
— מיט בליצנדיקע אויגן, מיט שטערן, ווי מיט שײַטערס,
— לייענען עס קאַרפאַטן, טאַטרע-שפִּיצן ווײַסע”.

כסידישער „היספאַשטוס האַגאַשמִיוס” *) אַ מאָדנער געמיש פון-פאָלקלאָר מיט... פרעגט זיך אָבער: וואָס קען געבן דידאָזיקע „שטראַלנדיקע” סטיליזאַציע דעם אינדיווידועלן פאָרטרעט פון אַ באָלשעוויק—אַ פאָרפאָלשטשיק?

— נאָר בא גרויסער נאַכלעסיקייט—אויב ניט מער!—צו סטילן-געברויך; נאָר בא דער דיספראָפאָרץ און זייער אָפּט ווידערשפרוך צווישן טאַלאַנט און קולטור. טאַלאַנט און אינטעלעקט, וואָס איז (דיספראָפאָרץ) צום באַדויערן בענימצע ניט נאָר בא איין מאַרקישן—קען אַזוינס געמאָלט זײַן: אַ באָלשעוויק מיט אַ קאַרבאַניש-עמאַציאָנעלן אונטערשלאַק.

2. איבערגעבנדיק אינם פאָריקן אַרטיקל דעם אינהאַלט (סכעמאַטיש, נאַטירלעך) פון XXVI-טן קאַפּ.—האָבן מיר דעם גרונט-פעלער פונם דאזיקן קאַפּיטל (די רייד איז דאָ מעקויעך דער דעפּרעסיע בא די פוילישע כאַווייריִם צוליב דער מאַפּאָלע פון גאַיס אַרמיי) פאָרמולירט. ווי די האַרבסט און טויט-שפּירונג-סטיליזאַציע, באַדאַרף מען עס איצט באַווײַזן. טכִילעס—טעקסט:

...„נאָר מיט דעק פון האַרבסט, נאָר מיט פאַל פון בלעטער
— פאַלן עפּעס הערצער,
— פאַלן צו דער ערד צו,

*) לײַב-אופלייזונג.

— און דער טריבער פֿאַל, ווי גלעקער-גלאָק דערהערט זיך *)
— ס׳איז דער זומער דאָ נאך, עפּעס נאָך פֿאַרטײַעט ער,
— ערגעץ אין די ווײַטן,
— ערגעץ אין די רוימען,
— ערגעץ אין אַזרילס פֿאַרשניטן שניטער-טרוימען.

— ס׳איז דער זומער דאָ נאך, נאר ער איז פֿארהאנגען
— מיט האַרבסטיק דינעם זשאווער, מיט הארבסטיק שטילן פּײַן.
— ס׳איז זײַן שלוימע בער צום ראטוש ניט דערגאנגען,
— זיצט אף פּראגער בריק—אָן אוולטע—די פֿרײַהײַט...

— צײַטיקע און רײפֿע די קעפּ בא וועגן זײַנען,
— ס׳זײַנען העלדזער גרייט פֿאר וינטן און פֿאר אָסיען;
— וויינט אָף פּראָגער בריק די פֿרײַהײַט, ווי אַ מאַמע:
— ס׳וועט זײַן, ס׳וועט זײַן אַ שניט, מיט שנײַרן און מיט קאָסיען.

— פֿאַלן אָפּ די בלעטער, פֿאַלן אָפּ כאָווײרים,
— לייגן זיך צו דר׳ערד, ווי בלעטער אָן פֿאַריבל.
— ווער איז דאָ געגאנגען? ווו איז דאָ געווײן?
— נאָר עס פֿאַלן בלעטער אײַנגעקאָרטשעט—טריבע.

— וואַקסן אָף אַזרילן נײַענקע כאָווײרים;
— וואַקסן זיי אָף אים, ווי לעבנס זײַנע נײַע,
— ס׳ווערט אַ יעדער טאָג געפֿערלעכער און שווערער,
— נאָר אַזרילן ליב איז, ליב איז אים און טײַער.

און ווײַטער:

— גוט איז אים מיט יונגען אײַנגעשטעלטע דרייסטע,
— דורך וועגן אונטערערדישע ערגעץ אַזוי אופֿגיין;
— אָט אַזוי די ערד די גאַנצע אַ צערײַס טאָן,
— אָט אַזוי די וועלט די גאַנציקע צעקאָוועו.

— מ׳גייט צו אים אַנטקעגן, מ׳גייט צו אים, מ׳גייט.
— מ׳גייט פֿון אונטער דר׳ערד, פֿון אומעטום—אַנטקעגן.
— ער הערט פֿון ערגעץ טריט, ער הערט פֿון ערגעץ אָטעמט.
— ער הערט אַזעלעכע ווײַסע הילכעדיקע לידער.

— נאָר שווער איז אים צו זען פֿאַר כעדווע און פֿאַר פֿרייד,
— נאָר שווער איז אים צו זען אָף אופֿגעשוימטע וועגן—
— ווי ס׳גייט עמיצער נאָך און שפּײַט דאָרט טראָט נאָך טראָט אים
— ווי ס׳גייט דאָרט נאָך דער טויט פֿאַרשטעלט פֿאַר זײַן אַ ברודער.

— ...גייט אַזריל אום שטום—פֿאַריגלט און פֿאַרשלאָסן,
— ס׳וועלן זײַנע הענט די האַרבסטיקע פֿאַרלאָזטע,
— ס׳וועלן זייבע הענט נאָך קינדעריש און קלאָר,
— ס׳וועלן זײַנע הענט זיך היילוקן מיט מאָרד״!...

מיר האָבן געפֿונען פֿאַר נויטיק צו ברענגען אַזא לענגלעכן אויסצוג, ביכדיי אונדזער אנאליז און אויספֿירן זאָלן אָף קיינעם ניט מאַכן דעם אײַנדרוק פֿון א בעקיוונדיקן צוגאַנג. איז אָט:

נאטירלעך (אי פֿון „רעאַלן״ אי פֿון „קינסטלערישן״ שטאַנדפּונקט), איז אָט דער הארבסט-קאלאריט פֿון „רע-פּרעסיוו״-רעוואָלוציאָנערע שטימונגען בא באַלשעוויקעס. אַפּילע ווען סע שפּירט זיך די געהיימע אַנוועזנהײַט פֿון א פּראָוואָקאַטאָר?

נאַטירלעך איז די „אופֿגאַנג״-שטימונג בא אַזרילן?

פֿילט זיך דאָ ניט דער אינערלעכער ווידערשפּרוך צווישן „אופֿגיין״ און די „אונטערערדישע״ וועגן״? צווישן „אופֿניין״-שפּירונגען און דעם אימפּעטפֿולן:

*) די „אינסטרומענטירונג״ איז דאָ גראָד אַ געלונגענע: מאַרקיש קען!

— „אָט אזוי די ערד, די ערד, די גאַנצע אַ צערײַס סאָן,
— אָט אזוי די וועלט די גאַנצינקע צעקאָוועוען"!

איז ניט דורכויס פֿאַלש אָט די יעזוס-שטימונג בא א רעוואָלוציאָנער, א פּאָרפּאָלשטשיק?!

— „ס'וועלן זײַנע הענט די האַרבסטיקע" פֿאַרלאָזטע,
ס'וועלן זײַנע הענט נאָך קינדעריש און קיאָר,
ס'וועלן זײַנע הענט זיך היילינקן מיט מאָרד"!

אַ מענטש, א קעמפּער קעגן א וועלט בלוטיקע סאָנים; אַ מענטש פֿון בירגער-קריג, א פּראָלעטאַריער, א באַל-שעוויק, א פּאַרפּאַלשטשיק אפֿן געפֿערלעכסטן פּאָסט—און אזעלכע יעוואַנגעלישע סענטימענטן!

ווי געשיקט עס זיך כ' מאַרקיש?!

דערמאָנסטו זיך ניט ווילנדיק, בליצט עפּעס אויף מיט א מאָרנער, אָבער אינערלעך-מאָטיווירטער פּאַראַק-סאַלקייט אזרילס קינדערישע פּיר-ליבע...

דער סאָף פֿונם קאַפּיטל, ווי אזריל ברענגט אום דעם פּראָוואָקאַטאָר—פֿאַרמאָגט דראַמאַטיזם: מאַרקיש קען עס אויך!

3. אזרילס אומקום!

דערדאָזיקער קאַפּיטל (XXVII) איז איבערײַך מיט זייער טרעפֿלעכע עפּיטעטן, פֿאַרגלײַכן, אייפּאַנישע מאָ-מענטן א. ה. ג. און דעריקער—מיט הייסער, הייסער ליבע.

מאַרקיש האָט ליב זײַנע העלדן!

אָבער דער גרונט-פֿעלער איז דאָ דערזעלביקער, וואָס אינם פֿאָריקן קאַפּיטל: מאַרטירערישע סטיליזאַציע, און דעריבער—אומ-ריכטיקײַט (גאַטירלעך, אָביעקטיווע). וואָרעם: רעוואָלוציאָנערער אומקום—איז ניט קיין יעזוס-קרייצונג! האָגאָם סאָציאַלע עטיק איז דאָ פֿאַראַן אין דער העכסטער מאָס.

טעקסט:

— „טוט זיך שטיל אים אָפּ דאָס פֿלייש פֿון זײַנע ביינער,
— טוט זיך שטיל אים אָפּ ס'געבײן פֿון די באַגערן.
— נאָר ס'איז עפּעס ליכטיק, און ער ווייסט אליין ניט—
— שטערן—שײַנען שוימיקע לאָזן אים זיך הערן".

...קומען צו אזרילן צוועלף קאַנוואָירן",

צוועלף אַפּאָסטאָלן, צוועלף רויטגוואַרדייער. צוועלף קאָנוואָירן... אגעוו, אינם „סטאַם"-פּעריאָד האָט אונדזער באַלאַדע-מײַסטער אָפּעריִרט, דוכט זיך, מיט „דרײַצן"...

ענטפֿערנדיק דעם ריכטער, איז אזרילן
„העל אזוי און אומעטיק און ליכטיק".

און די ענטפֿערן גופֿא?

— „אויסגעהאַלטן" סטיליזירט און צו אַפֿאָריסטיש. יעדנפֿאַלס: זייער מענלעכער, שאַרפֿער אינהאַלט אַנט-שפּרעכט ניט, אָדער ריכטיקער: אזרילס סטיליזירטע קאָרבן-שטימונגען זײַנען פֿון אַן אַנדער טייג.

צוויי סטיליזאַציעס, ווי אַ קעגנזײַטיקער דיסאָנאַנס.

ווײַטער: שוין נאָכן פּסאַק-דין, בא זיך אין קאַמער. דער אומפֿאַרמײַדלעכער, נאָענטער טויט פֿאַרשאַרפֿט בײַ זין העכסטן גראַד דעם לעבן-אינסטינקט: אזריל „ווייס ניט ווו אהינצוטאָן אזויפֿיל לעבן?" פֿאַרגלוסט זיך אים זינגען: „קאָמונאַרן גייען צו די טליעס זינגענדיק". ער געדענקט אָבער קיין ווערטער ניט.

— נאָר גוט איז שוין אזרילן, קלאָר איז שוין אזרילן,
— ס'ווערט אים פּלוצים לײַכטער, ליכטיקער און שטילער:
— ער וועט גיין און זינגען גלאַט אזוי דעם ניגן,
— און ס'הויבט אים אָן אַ פֿרייד אַ ליכטיקע צו וויגן...

— וועקט זיך אַ פֿאַרטאָג אויף, וועקט זיך פֿרייד ווי שטענדיק
— לײַטערן זיך ווײַטן—שטעמוודיק און פֿאַרביק.
— ס'האָט אזריל דער שנײַדער אַלע נעט פֿאַרענדיקט
— גייט אזריל אין הימל אָפּטראָגן די אַרבעס...

אַ מערעך-אַסאָציאַציע...

אָפֿן וועג צו דער טליע:

— ס'גייט שוין דאָרט די וועלט, די גאַנצע וועלט אַנקעגן,
— ס'קוקן נאָך פֿונגנסן קאַנטיק-שוואַרצע דעכער;
— און דער הימל—העל איז, און די ווײַסן צײַכטיקן
— און דאָס פּאָנים שײַנט אזרילן דעם פּאָרפּאָלניק".

מע הענגט אזרילן:

— פֿעדים גאָלדיק—זײַדענע זון אין טעג פֿאַרצײַלעט
— און אַף טאָג אַף לויטערן מעסט זיך אַ געוויטער;
— הויבט זיך אוף אין דר'הויך—אַ ליכטיקער אָזריל.
— און די הויכע פֿאַלן, פֿאַלן אין דער נידער!...

אַזאַ לײַכט-געשוועב—אַ ליכטיקס, ווי אַף יאַמען .. א. אַ. וו.".
„אַ מיתה בנשיקה" 1)...
אָזריל, עלה במרום" 2) ..

ווידער אַמאָל: רעוואָלוציאָנערע מעסירעס נעפּעש פֿאַרמאָגט אינדיווידועלן אידעאַליזם און סאָציאַלע עטיק אין דער העכסטער מאָס. ס'וואָלט אָבער געווען אַ טאָעס אידענטיפֿיצירן אַלע מינים מעסירעס-נעפּעש. ניין: וויפֿל סאָציאַלע פֿאָרמען—אַזוי פֿיל טיפּן מעסירעס-נעפּעש. אַ רעליגיעזער (אין פֿאַרשיידענע וואַריאַנטן) אַ רעוואָלוציאָנער-קאָמוניסטישער... איז אָפּאָנים, אַז מאַרקישעס באַשטימטע סטיליזאַציע איז ווײַט ניט קײן צופֿעליקײַט: זי מוז האָבן הינטער זיך אַ געוויסן פּסיכאָ-אידעאָלאָגישן אַספּעקט און עפּשער?—באַשטימטע קאָמפּאָזיציאָנעלע קאַוואָנעס: יונגערהייט, באַם טאַטן אין וואַרשטאַט נאָך—איז דאָך אָזריל געווען אַ מעסוקענער פֿירל־שפּילער: פֿלעגט דאָס גאַנצע האַרץ „אויסזעגענען" אָפּן פֿידל. וואָלט מאַרקישן אײַנגעפֿאַלן אײַנפֿלעכטן (נאַטירלעך, דורך אַ באַשטימטער פּאָעטישער סיטואַציע 3) אָט דעמדאָזיקן „פֿידל"-עלעמענט אין אָזרילס לעצטע טעג—וואָלט עס עפּשער נאָך מער דערגאַנצט און געשלאָסן מאַרקישעס ברודער-קאָנצעפּציע... אינדערעמעסן: באַ שלוימע-בערן איז עס אָפּגעטאָן געוואָרן בענויגײַע צום „טויבן"-מאָמענט...

אויספֿירן:

אין אונדזער ערשטן קאַפּיטל, אַנאַליזירנדיק דעם שטאָף (סכעמאַטיש-סיוזשעטיש) פֿונם ווערק, די פֿאַרהעלטעבישן צווישן דעם „ברידעריש"-סעמאַטישן און קינסטלערישע מאָמענטן—זײַנען מיר געקומען צום אויספֿיר, אַז ניט די ברידער בילדן דעם קאָמפּאָזיציאָנעלן פֿאָקוס פֿון דער גרויסער עפּאָפּייע. דאָן אָבער האָבן מיר זיך געשטעלט אַ צווייטע אויפֿגאַבע: אויספֿאָרשן, ווי אַזוי און אין וואָס פֿאַר אַ מאָס, זײַנען אָזריל און שלוימע-בער, פֿאַר זיך בענומען, אומאָפּהענגיק שוין פֿון זייער קאָמפּאָזיציאָנעלער ראָל,—פֿאַרענדיקטע קינסטלערישע געשטאַלטן. סומירנדיק איצט אונדזער אויספֿאָרשונג אין דעם פּראַט (אײַנשליסנדיק דעם געהעריקן מאַטעריאַל און אויספֿירן אויך פֿונם צווייטן קאַפּיטל), קומען מיר אָט צו וואָס פֿאַר אַן אויספֿיר: 1) פֿאַר דער באָלשעוויסטישער גענעאָלאָגיע פֿון די ברידער—קלעקט מאַרקישעס קינסטלערישער שטאָף אַפֿילע פֿאַר קײן סכעמע; 2) אַ ריי מאָמענטן, וויכטיקע פֿאַר שלוימע-בערס און אָזרילס קינסטלערישער געשיכטע, זײַנען ראָמאַנטיזירט און פֿאַרבאַלאַדעוועט: די הוטע, ראַכמיל א. א. וו.; 3) דער אומקום פֿון די ברידער איז סטיליזירט אַף אַ באַשטימטן אויפֿן מיט אַ צוגאָב פֿון מיסטעריעזקײַט און פּאָטענציעלער סימוואָליק.

אַנדערש גערעדט: ניט די ברידער זײַנען דער קאָמפּאָזיציאָנעלער פֿאָקוס פֿון דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער פּאָעמע; ניט דער רעוואָלוציאָניזם (ווי אַ קינסטלערישע פּראָבלעם) איז דער פֿאָקוס פֿון די צוויי ברידער. קאָמפּאָזיציע איז פֿאַרבונדן מיט אידעאָלאָגיע. אַן אָביעקטיוו-פֿאַלשער, קימאַט-„ביאָלאָגישער", „ברודער"-צוגאַנג צו אַ גוואַלדיקער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע—האָט ניט געקאָנט ניט פֿאַרקריפּלען די סטרוקטור פֿונם ווערק. דער פֿאַלשער אויסגאַנג-פּונקט האָט מיט אַן אײַזערנער נויטווענדיקײַט דעטערמינירט דעם מיסטעריעזן פֿינאַל.

„סוף מעשה במחשבה תחילה".

דער שאַפֿונג-פּראָצעס איז אַן אײַנהײַטלעכער קאָמפּלעקס.

אויסער אָזרילן און שלוימע-בערן האָבן מיר אין די „ברידער" נאָך אַ ריי רעוואָלוציאָנערע פּערסאָנאַזשן; אָבער זייער אַנאַליז באַשטעטיקט בלויז אונדזער אויספֿיר: מאַרקיש האָט רעוואָלוציאָנערער דיכטער קען לעסאַטע ניט געבן קײן קינסטלעריש-רעוואָלוציאָנערע געשטאַלטן.

אין בענטשיקס געמעל איז פֿאַראַן איין דעטאַל, וואָס וואָלט געקענט דינען ווי אַ מין אויסגאַנג-פּונקט פֿאַר אַ קינסטלערישער געשטאַלט-פֿאָרמירונג: בענטשיקס אָפּגעשיידטקײַט און באַליידיקטקײַט אין זײַן פֿאָטערהויז. וואַקסנדיק צווישן צוויי קרעפֿטן: דער סטיחיע און סערקען; בענערט דורך צוויי עמאָציאָנעל-קעגנזעצלעכע שטראָמען—וואָלט דערדאָזיקער קערן געקענט—באַ באַשטימטע באַדינגונגען—אויסוואַקסן אין אַ רעוואָליציאָנערער געשטאַלט.

עס פֿלעגט דען ניט פּאַסירן אַזוינס?

---

1) אַ טויט מיט אַ קוש אַף די ליפּן.
2) אופֿגעגאַן אינדערהויך.
2) אַשטייגער: פֿונערגעץ דערטראָגן זיך צאַרטע פֿידל-טענער...

מער אָבער פֿאַר אַ דערדאָזיקער דעטאַל—איז דאָך אין די „ברידער“ גאָר ניטאָ. אויסערדעם איז עס אַזאַ סיוזשעטישער מאָטיוו, וואָס איז פֿון פּאָבוליאַרן שטאַנדפּונקט—אַ פֿולשטענדיקער באַלאַסט.

דאָסגלײַכן ווייסן מיר וועגן סערקען, אַז דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענטן, וואָס נעמט אַזאַ אַקטיוון אָנטייל אינם קאַמף—אויך גאָרניט.

ווי אַזוי איז זי געקומען צו דער רעוואָלוציע?

איר „פּאָבוליאַרע“ פֿונקציע איז—דינען צוליב שלוימע בערס פּאָרטרעט. מיר האָבן דאָך שוין אָבער געזען, וואָס דערפֿון האָט זיך באַקומען, ווען שלוימע-בער האָט געעפֿנט דאָס מויל בײַ דער געהעריקער אינטימער סיטואַציע.

געלונגענער איז טרובאַ, אָבער—אין זײַן אויסערלעכקייט. מיר וואָלטן געזאָגט—קאָנאָזירטער אויסערלעכקייט: ס'וואָלט נאָך געפּאַסט, אַז מאַרקיש זאָל ניט קאָנען אויסטאָלן קיין בראַטישקאַ...

לעבעדעוו איז בלאַסער.

נעכאָמעס פּאָרטרעט פֿאַרמאָגט אַ סכעמע פֿאַר אַ געשטאַלט, אָבער בלויז ווי ניט ווי טוט אַ בלײַך קאָנקרעט—אינדיווידועלער, דערבײַ לאָקאַלער שטאָף.

אַזוי אַרום זעען מיר, אַז קײַן קינסטלעריש-גאַנצע, לעבעדיקע רעוואָלוציאָנערע געשטאַלטן זײַנען אין די „ברידער“ ניטאָ. דאָס איז ניט צופֿעליק.

אויב ניט—העז קאָמפּאָזיציאָנעל, העז קינסטלעריש—קיין „ברודער“-פּאָעמע, איז עפּשער מאַרקישעס גרויס ווערק אַ בירגער-קריג-עפּאָפּייע? עפּשער באַדאַרף מען דאָ איבערשטעלן די יאָצרעס: דער „ברידער“-עלעמענט, ווי אַ באַשטימטער סיוזשעט-שטאָף פֿאַר אַן אַנדער געוועב?

בײַ דערדאָזיקער היפּאָטעז אַנטשטייט קודעמקאָל די פּראָבלעם וועגן דער נײַער פֿאַבולע אינם ווערק: איז זי מעגלעך בײַ אונדזער איבערגרופּירונג?

אין פֿאָרמעל־קאָמפּאָזיציאָנעלן זין: אַ בינין, ווו אַלע סיוזשעטישע באַשטאַנד-טיילן, סײַ די צענטראַלע, סײַ די צווייראַנגיקע זײַנען צענטראַליזירט דורכן פֿאַבוליאַרן פֿאָקוס—פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט. קומט אויס, אַז מאַרקישעס גרויס ווערק—איז אָן אַ רוקנביין... באַדאַרף מע עס טאַקע זאָגן, ווי ווייטיקדיק עס זאָל פֿאַר אונדז אַלעמען ניט קלינגען. יאָ, מיר האָבן צוטאָן מיט אַ גרויס ווערק, ווו די דעסטרוקטיווע, דעצענטראַליזירנדיקע קרעפֿטן זײַנען שטאַרקער פֿאַר די קאָנסטרוקטיווע. ניט קיין דעמאָקראַטישער צענטראַליזם, און אַפֿילע ניט קיין פֿעדעראַציע.

בײַ אַזאַ לאַגע, ווען די פֿאַבוליאַרע עלעמענטן ווערן דעפֿאָרמירט און באַטל אינם סיוזשעט, בלײַבט דעם כאַראַקטער פֿונם ווערק צו באַשטימען לויט די קינסטלערישע קרעפֿטן-פֿאַרהעלטעניש שוין פֿון די פֿאַרשיידענע סיוזשעטישע באַשטאַנדטיילן גופֿא. לאָמיר עס פּרוּוון מאַכן.

אויב ניט רעכענען דעם רעוואָלוציאָנערן טיפּאַזש פֿונם ווערק, מיר האָבן אים שוין פֿאַנאַנדערגעקליבן, אויך אויך די קאַפּיטלעך און פֿראַגמענטן, וואָס געהערן צו אַן אַנדערער היסטאָרישער עפּאָכע—האָבן מיר אין די „ברידער“

1. שטעטל־שטייגערישן שטאָף;
2. פּאָגראָם—באַלאַדעס;
3. בירגער-קריג—שטאָף אין פֿאַרשיידענע פֿאָרמען;
4. פּוילישער אונטערערד.

פֿון דער ערשטער קאַטעגאָריע—זײַנען געלונגענער די סטאַטישע „טראַדיציאָנעלע“ מאָמענטן.

אין דער פּאָגראָם-קאַטעגאָריע זײַנען אַלע דרײַ באַלאַדעס: די מײַסים אָפֿן דנעפּר; דער שלייפֿער און דעם ראָווס אומקומען (אין פּוילן)—גלענצנדיק! באַזונדערס—די ערשטע.

אין דער דריטער קאַטעגאָריע האָבן מיר: זייער אַסאַך קראַפֿט, שאַרפֿע איבעראַשנדיקע בילדערישקייט, טעמפּעראַמענט, פּאַטעטיק, דינאַמיק! דערבײַ אַזעלכע—ווי בײַ קיינעם ניט פֿון די יידישע דיכטער. דער פּאַנצערצוג, גאָיס מאַרש קיין וואַרשע א.ד.ג.—זײַנען קלאַסיש אַף דווירעס!

יאָ, קיין איינער פֿון די יידישע דיכטער האָט נאָך ניט געגעבן אַזעלכע דינאַמישע בילדער, אַזאַ דראַנג, אַזאַ אימפּעט.

אין דער ערשטער קאַטעגאָריע—פּוילישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרפּאַליע איז מער סכעמע, ווי שטייגער.

פֿאַרגלײַכן מיר איצט צווישן זיך די פֿאַרשיידענע קאַטעגאָריעס בילדער אינם גאַנצן בוך—באַקומען מיר אַט וואָס פֿאַר אַ קינסטלערישע „קרעפֿטן-פֿאַרהעלטעניש“.

1. מענאַכעם-הערש, עסטער, ראַכמיל, דער גאַלעך א. א. זײַנען בילדעריש-בלוטפֿולער, בוילעטער פֿאַר שלוימע-בערן, אַזרילן און די איבעריקע ברידער.

2. די פּאָגראָם-בילדער און באַלאַדעס (אומקום פֿון יידן) זײַנען שאַרפֿער, שאַרפֿזיניקער פֿאַרן אומקום פֿון די קאָמונאַרן (אָפֿן יאַם).

3. די שטאַרקע, גלענצנדיקסטע קאַפּיטלעך אינם צענטראַלן שטאָף פֿונם בוך—זײַנען יענע, ווו ס'איז פֿאַראַן שטורעמדיקע, אויסערלעכע דינאַמיק.

4. ס'פֿעלט איין „קליינִקייט": די פֿירערן, די אָרגאַניזאַטאָרן, די באַגייסטערן פֿונם ריזיקן קלאַסן-געראַנגל די קאָמפּאַרטיי.

וואָס-זשע דריִנגט פֿון די ערשטע צוויי פּונקטן? (קינסטלערישקייט בענויגייע צו ייִדישן שטאָף און סכעמאַטיז בענויגייע צו רעוואָלוציאָנערן)—אַז מאַרקישעס דיִכטערישער זיִקאָרן, מאַרקישעס איִנטויִטיִוו-אָנגעזאַמלטע ביִלדער וועלט—זיינען איִבערהויפּט נאַציאָנאַלע.

וואָס דריִנגט פֿון די לעצטע צוויי פּונקטן?

— מאַרקישעס קינסטלערישע רעפֿלעקסאָלאָגיע: דער אויפֿן, ווי אזוי ער רעאַגירט איִנטויִטיִוו: דורך איִמפּרעסיעס, שטימונגען, זעונגען, ביִלדער א. ד. ג.—איז אָנגעצילעוועט ניִט אָף די איִנערלעך-אָרגאַניזירנדיקע, סינטעטיש קרעפֿטן פֿונם גרויסן רעוואָלוציאָנערן כאַאָס, נאָר אָף זיין שטורעמדיִק-פּאַטעטיִשער, איִבעראַשנדיקער אויסערלעכעסטיכיִשקייט.

דער גרונט-טעזיִס, וועלכן מיר האָבן פֿאָרמולירט, צוטרעטנדיק צו אונדזער אויספֿאָרשונג: די דעסטרוקטיִווע קאָמפּאָזיִציע פֿון די „ברידער", ווי א רעזולטאַט פֿון אַ דעסטרוקטיִווער פּאַרטיזאַניש-רעוואָלוציאָנערער אידעאָלאָגיע—ווערט באַשטעטיִקט.

מיט דעראָזיקער פֿאַרלויפֿיִקער לייזונג פֿון דער וויכטיִקסטער, לויט אונדזער מיינונג, מעטאָדאָלאָגישער פּראָבלעם—איז די פֿאָרשונג פֿון מאַרקישעס גרויס ווערק, פֿון מאַרקישעס גרויסער קינסטלערישער אָנשטרענגונג—קלאָר ניִט אויסגעשעפּט. פֿאַרקערט: ערשט איצט קען און מוז קומען די אויסשעפּנדיקע, דעטאַלע אונטערזוכונג, דערביי לויטן גאַנצן שולכנאָרעך פֿון דער אַנאַליִטישער פּאָעטיק. די לעקסיִק [1]. דער סינטאַקסיס, די אייפאָניע, די סטיליסטיק; די זשאַנריִסטיק, דערביי פֿון צווייענדיקן שטאַנדפּונקט: פֿאַר זיך גענומען, ריין פֿאָרמעל, ווי א געזעצמעסיק-איינהייטלעכער געוועב. און—פֿונם אינהאַלט-שטאַנדפּונקט. ס'הייסט אָף וויפֿל זי איז אָנגעמאָסטן פֿאַר דער טעמאַטישער איינשטעלונג. בא פֿיל פֿון אונדזערע דיכטער, און בעסויכאָם אויך בא מאַרקישן (צאַרעס ראַבים—כאָציִ נעכאָמע: אַלעמעס צאָרע—אַ שטיק נעכאָמע) איז צום באַדויערן אָפֿט צו טרעפֿן אָט דעמדאָזיקן ווידערשפּרוך צווישן „איִנהאַלט" און „פֿאָרם". צוויִשן דער לאָגיִק פֿונם „איִנהאַלט" און נאַטור פֿון דער פֿאָרם; אַלזאָ: די סטיליסטיק, די זשאַנריסטיק, די קאָמפּאָזיִציע—אַלץ דאַרף אונטערגעזוכט ווערן אָפֿן דעטאַלסטן אויפֿן. ״וועט ערשט דאַן קלאָר ווערן אין וואָס פֿאַר אַ קאָנקרעטער מאָס אונדזער פּריִנציפּיעלער אויסגאַנג-פּונקט איז א פֿרוכטבאַרער. לעסאָטע דוכט אונדז—אַז ער איז פֿון מעטאָדאָלאָגיש-סיִנטעטיִשן שטאַנדפּונקט—דער איינציק ריִכטיִקער.

מיט די „ברידער" זשע האָט מאַרקיש באַוויזן, אז פֿאַר די לעצטע יאָרן, נאָכן „סטאַם"-פּעריאָד זיינעם—האָט ער דורכגעמאַכט א היפּשע עוואָלוציע, אָבער—אָן אומגלייכמעסיקע: גרעסערע דערגרייכונגען איִן פֿאָרמעל-קינסטלעריִשן זין, ווי אין אידעאָלאָגיִשן, האָט ער געמוזט, מיט אָן אייזערנער נויטווענדיקייט—נעגאַטיוו זיך אָפּרופֿן אָף דער גרויסער קינסטלעריִשער אָנשטרענגונג. באַדאַרף מען ווי אין לעבן, אום יעדן פּרייז—דיִדאָזיקע דיִספּראָפּאָרץ בייקומען!

איִן די גרויסע צייטן פֿונם וויִרטשאַפֿטלעכן „פּיִנפּיאָר", וואָס איִז גיוועער די גוואַלדיִקסטע דיִספּראָפּאָרצן איִן דער עקאָנאָמיק פֿון אַ 150-מיִליאָניִקן פֿאַרבאַנד—איִז עס דוכט זיִך שוין ניִט אזא שווערע זאַך...

אונדזערע בעסטע וווּנטשן מאַרקיִשן—דעם סאַמע דיִנאַמישסטן ייִדישן דיִכטער.

---

[1]) באַם איִבערשרייבן דעם ערשטן מאַנוסקריפּט צוליב דער רעדאַקציע, איִז די „לעקסיִק" אַלפּיִטאָעס אַריינגעפֿאַלן אין דער קאָמפּאָזיציע.

כ. דונעץ.

# א קאַפּיטל, וועלכן מע דאַרף שליִסן.

## (שמואל ראָסיִן. צו אַלע צו אונדז. ליִדער און פּאָעמען).

אַ ביִכל ליריִק... מיט אַ מאָטאָ-ליִד, איִן וועלכן עס ווערט געזאָגט:

איִך בין פון שטענדיִק אָן געווענדעט געווען—צו זיִך אליין,
מיִר האָט געדאַכט, עס וואכט איִן איינזאַמקייט דער ווילן;
מיִר האָט געדאַכט, אז איִך בין שוין געוואָינט
איִן ליִכט פון איינצלנעם זיִך שפּיִלן.
עפּשער האָט דערפאַר מיין ליִד אזוי געטרויערט
און געפאַלן צו די פיס מיִר ווי אַ שטיין...

ריִכטיק, טאַקע די געווענדטקייט „צו זיִך אליין״ האָט געמאַכט טרויעריִק ראָסיִנס ליִד,—טרויעריִק און ניִט וואָגיִק, אַפּילע ניִט שווער-געמיִטיִק „ווי אַ שטיין״. איִן ראָסיִנס ליִד איִז דער טרויער פון איינזאַמקייט, וואָס פאַרקערפּערט איִן זיִך דעם געמיִט פון ניִט קיין לעבנ-פעיִקן סאָציאַלן שיִכט. ראָסיִן וויל זיִך פון דערדאָזיִקער טרויעריִקער איינזאַמקייט אַרויס-רייסן, און דעריִבער לאָזט ער זיִך אַפּילע איִנם טרויער ניִט פאַרטיפן. ער איִז אָפן שייד-וועג און וויל „היינט פאַרליִרן איִן בליקן לויטערע פון אייער ליִכט״. ניִט ער סיִנטעזיִרט זיינע ווייטיִקן, וואָס ער וויל מער זיי ניִט געדענקען, ניִט ער אָרגאַניִזירט זיִך צו איִבער-באַהערשן די ווייטיִקן און קומען פעסט צו „אייער ליִכט״. דעריִבער איִז ראָסיִן צו מעסיִק, צו דורכשניִטלעך, צו בלייך איִן די ליִרישע שטימונגען, צו ווייניִק באַומרויִקט. באַם רויש פונם איִצטיקן עמעסן און עכטן „שטורעם- און דראַנג-פּעריאָד״ קליִנגט ראָסיִנס געזאנג, ווי אַ שפּעטער עכאָ פון אַ לייכטער טרויער-מעלאָדיע. דאָ האָבן זיִך צונויפגעטראָפן סאָציאַלע און צייט-דיִסטאַנץ, קעדיי א בייזן שפּיִצל אָפּטאָן דעם בענקענדיִקן דיִכטער ראָסיִן, כאָטש ער וויל דאָך בעעמעס ו ע ר ן א ו י ס טרויער-זינגער און שטרענגט זיִך אָן מיטגיין „מיִט אַלע מיִט אונדז״.

* * *

נעמען מיר נאָכן דיִכטער שטעלן פוס-טריִט. די ערשטע ליִדער איִן ביִכל געהערן דעם 1921 יאָר. זיי געהערן ניִט זייער עפּאָכע. עס ליִגט ניִט אַף זיי דער שטעמפּל פון אָנהויב נעפּ, זייער בלייך איִז אַף זיי דער צייכן-פון דורכגעשטורעמטן ביִרגער-קריִג, דער היינט און דער נעכטן זיינען פאַרדעקט, די ליִריִשע סטרונע וויִבריִרט אַף ווייטע דעריִנערונגען—עס דריִקט אָפן דיִכטער די ווייטע פאַרגאַנגענהייט, דאָס שטעטל שטייט פאַרן זיִקאָרן, דאָס שטעטל מיִט איִרע העלדן, מיִט איִר אָרעמקייט און פּאַטריאַרכאַליִש-טראַדיִציאָנעלן טרויער. דערציילט אונדז ראָסיִן פונוואַנען עס קומט אָט דער טרויער:

ערגעץ ווייט דאָרט
איִן פלאָנטער פון אייערע סטעזשקעס,
ווו איִך האָב געלערנט זיִך גיין,

אין אײַערע זאַמדן פֿאַרהוילן,
איז אַ קרעניצע פֿאַראַן,
אַ לעבעדיקער קוואַל.
דאָרט האָב איך צום ערשטן
מײַן אומבאַוווּסט טרויער דערפֿילט,
מײַן זאַפֿטיקן בענקען דערקענט...

(פּאָעמע „שײַן")

פֿון די „ווײַסרוסישע זאַמדיקע פֿעלדער", פֿון דער „עלנטער שטילקײַט פֿון שפּעט-אָט פֿונוואַנען עס שטאַמען טרויער און „זאַפֿטיקער בענקען". צום גליק איז ראַסינס בענקען ניט לאַכלוטן פֿרײַ פֿון זאַפֿטיקײַט: וואָלט זײַן בענקען זײַן אַזוי פֿרוכטלאָז, ווי זײַן טרויער, וואָלט מען דאַן גאָר ווייניק געקענט קאָנסטאַטירן לויטן ביכל לידער און נאָך ווייניקער וואָלט מען געקענט דערוואַרטן. אָבער אַזוי צי אַזוי ציט דער דיכטער ריכטיק זײַן טרויעריק-בענקענדיקן ניגן פֿון דער „אַלטער היים". אינם 1928 יאָר קלינגען דידאַזיקע מאָטיוון שטאַרק פֿאַרעלטערט, און די קוואַלן פֿאַר דידאָזיקע מאָטיוון זײַנען שוין, דוכט זיך, היפּש מיט גרינעם שימל באַוואָקסן.

די רייזיניש טראַדיציע מיט איר באַגרענעצטקײַט און טונקעלער פּערספּעקטיוו איז דאָ פֿאַראַן, דער דיכטער פּרוּווט בלויז העלער מאַכן די לידער באַם „שײַן" פֿון דער בירגער-קריג-ראָמאַנטיק, נאָר דער אומעט און די בענקשאַפֿט נאָך „מאַמען", „היים" און „שוועסטערשן שוּס" זײַנען צו געדיכט. ראַסין קען זיך דערווײַל דערפֿון ניט ראַטעווען, כאָטש ער איז זייער אופּריכטיק אין זײַן רײַסן זיך „צו אונדז צו אַלעמען".

דיזעלבע בענקעניש און ניטבאַפֿליגלטע שטרעבונגען קוקן אַרויס פֿון די געציילטע לידער, געשריבן אין 1922—1923 יאָר. כאָלעמען זיך דעם דיכטער „בלויע פֿאַרנאַכטן" און „גאָלדענע רייפֿן", ער כאָלעמט כאַלוימעס, וואָס ענדיקן זיך אַף דער וואָר מיט גרויקײַט... און ווידער גיט דאָ אַ שוים אוף אַ באַגער—צעבויטשען דעם שימל:

צו גרינעם שימל,
פֿאַרצויגענעם
אַף אויבערפֿלאַך פֿון ברונעם מײַנעם,
אַ ווערבע אַ געבויגענע—
איך אַליין.
דו, וואָס האָסט געשעפּט פֿון ברונעם מײַנעם,
וואַרף אין אים אַ שטיין!
זאָל ער צעלעכערן ביז גרונט
מײַן טיף, פֿאַרצויגענער מיט גרינעם שימל!

ראָסין ווִיל וואַרפֿן אַ שטיין אין „שימלדיקן ברונעם". ווען ער וועט עס קענען טאָן, וועט זײַן ליד אינדערעמעסן זײַן מער אין אײַנקלאַנג מיט אונדזערע שטימונגען און געמיטער.

פֿאַרוואָס ריידן מיר וועגן „קענען"? דערפֿאַר, ווײַל אויך אין די שפּעטערדיקע לידער איז נאָך באַ ראַסינען דאָס קענען איבערשפּרינגען איבער זיך אַליין ניט קענטיק. פֿאַרקערט: פֿאַראַן לידער, וואָס ווילן גאָר באַרעכטיקן די אומזיניקײַט פֿון באַקעמפֿן זיך אַליין און די אייגענע שווערע שטימונגען. אין 1924 יאָר שרײַבט ראַסין:

„פֿאַרשווײַגן דעם אייגענעם ווייטיק—
איז ניט אַזוי גרינג ווי דו מיינסט.
ער שטייט מיט דיר אוף און ער לייגט זיך

און לייגט אַפֿן ברוסט ווי אַ שטיין...
— — — — — — —
אַלע ווייסן, ס'וויל אַ האַרץ גאָר ניט וויסן,
ס'איז אַ האַרץ דאָך ניט אַזוי ווי אַ האַרץ!
— און אַלעמענס פֿרייד קאָן ניט שיצן
פֿון אייגענעם טרויער און צאַר...

מע קאָן זאָגן, אַז די דאָזיקע שורעס געהערן צו די שטימונגפֿולסטע אינעם ביכל. דאָס איז ניט קיין קאָמפּלימענט פֿאַרן דיכטער—אויב „אַלעמענס פֿרייד קען ניט שיצן פֿון אייגענעם טרויער און צאַר" איז צו וואָס דעקלאַמירן „צו אַלע צו אונדז"?...

עמעס, עס זײַנען דאָ מינוטן בײַם דיכטער, ווען ער נעמט אונטערפֿירן אַ כעשבן-האַנעפֿעש און אַנטקעגנשטעלן די צוויי קוואַלן, וואָס שפּײַזן זײַנע שטימונגען, מאָמענטן, ווען כויך זיכרוינעס וועגן „אַלטער היים" און שטעטלדיקער יוגנט לעבט ער איבער די רעוואָלוציע-יאָרן—אין אַזעלכע מינוטן פּרוּווט ער קעמפֿן מיט דעם שטעטלדיקן אומעט:

ווי קומט אַ יונג אַזאַ ווי איך ניטשען בלעטערן?
וואָס קאָן מיר אָנגיין זאַראַטוסטרעס רייד?
— עס האָט מיט גליק ניט איבערגעזעטיקט זיך
אַ יונג אַזאַ, ווי איך, פֿון אַרבעט און פֿון נויט.
וואָס גייט מיר אָן דאָרט זייער אויסגעטרוימטער יִיעש?
ס'איז דאָ אַ וועלט פֿון הערשער און פֿון קנעכט,
— איז זײַ געבענטשט, די אויסגעשטאַלטער ווילן,
וואָס רופֿט, וואָס מונטערט און וואָס וועקט...

אַזוי שרײַבט ראָסין אין זײַן פּאָעמע „יוגנט". די צווייטע העלפֿט פֿון דער דאָזיקער פּאָעמע זײַנען די ליכטיקסטע זײַטלעך אין זאַמלביכל, כאָטש... די שטימונג איז דאָ ווײַניקער פֿאַרטיפֿט ווי אין די אומעטיקע לידער. אָבער דאָ גייט דער דיכטער אַביסל אַרויס אין זײַן דימיען פֿון זײַן פּאַסיוון ווייטיק און רעדט מיט מער אַקטיווע באַגריפֿן.

אָט אזא מין „אָפּשטויסן" זיך פֿון זיך אַליין, ווי מיר זעען עס אין דער פּאָעמע „יוגנט" איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר ראָסינס וועלט-באַנעם. אַליין אַן אַרבעטער איז ער געבונדן מיט דער רעוואָלוציע, וואָס האָט אים באַפֿרײַט, און אין וועלכער ער האָט אליין „אַ טראָפּן, אַ בלוטיקן". אָבער ער מאכט ניט קיין גענוג דרייסטע טריט צו דער רעוואָלוציע און בלײַבט פֿאַרצאַמט אין די שטעטלדיקע נעבעך-ראַמען. אַפֿן פֿאָן פֿון די איצטיקע טיפּע אופֿברוכן אין שטאָט, דאָרף און שטעטל איז ראָסינס דראַמע אומבאַדייטנדיק און קען אַ דיכטער ניט דערהויבן. ראָסין וויל בינדן דאָס שטעטל, דאָס שטעטלדיקע—„צאַאר" און „פּײַן" מיט אונדזער איצטיקן דראַמאַטיזם. דאָס בינדט זיך בעשומויפֿן ניט און דעריבער איז אין זײַנע לידער דאָ אַ גרויסער דיסאָנאַנס.

פֿאַרוואָס איז דאָס אַזוי? דאָס איז דערפֿאַר, ווײַל ראָסין האָט, ווײַזט אויס, מערער באַקומען און בעסער פֿאַרדייט פֿון די אַלטע יידישע קולטור- און שטייגער-טראַדיציעס, און בלויז פֿונויבן האָט ער זיך געגליטשט איבער די כוואַליעס פֿון אָקטיאַבר-רעוואָלוציע. דאָס שטעטל מיט אירע אַלע אטריבוטן און שטימונגען איז אָרגאַניש, אָפּט אַפֿילע ווערט עס קאָנקרעט אין ראָסינס לידיק. אָבער ווען ראָסין גיט אַ פּאָעמע מיט אַ שטיקל רעוואָלוציע-סיוזשעט („שיין"), איז עס געמאָלט אין שטעטלדיק-אידילישע פֿאַרבן, מיט שטעטלשער בענקשאַפֿט איבערפֿולט („עפּשער וואַרט דאָרט מײַן שוועסטער, מײַן מאַמע אַף מיר... עפּשער וואַרט דאָרט אַ ווײַסע, אַ זויבערע בעט באַזאָרגטע פֿון מוטערשע הענט?..."), אַפֿילע מיט כומעש-סטיל באַהויכט („און עס ווייסט ניט קיין מענטש פֿון זײַן קייווער..."); ווען ער

גיט אַ באַלאַדע מיט אַן אַרבעטער-טיפּ אַלס פיגור („בערל בעקער“), איז עס ווידעראַמאָל אַ העלד גענומען פונם שטעטל און קינסטלעך פאַרפלאַנצט אין דער קאַהאָרטע פון די רויט-אַרמייער-קעמפער...

עס פעלט רעוואָלוציאָנערע סטיכיע אין ראָסינס שאַפן און דעריבער ליגט אַף די רעוואָלוציאָנערע לידער און פראַגמענטן דער שטעמפּל פון אָנשטרענגונג און אבסטראַקטקייט. עס איז דאָ ניטאָ קיין דראַמאַטיזם,—עס איז דאָ בלויז ראָמאַנטיזם-בענקעניש. דעריבער איז אויך ווייניק טעמפּעראַמענט—וו עס איז דאָ טעמפּעראַמענט מוז עס פּראָפּאָרציאָנעל פאַרקלענערן די אָנמעכטיקע בענקעניש און די סענטימענטאַלקייט. דעריבער איז דער אָפּקלאַנג פון ראָסינס ליד ניט קיין ברייטער און שטעקט ניט אָן דעם לעזער מיט סאָציאַלן געפיל: עס שטעקט בלויז אָן מיט אופריכטיקייט, רופט אַרויס מיטגעפיל, נאָר וועקט ניט קיין אַקטיווע סטרונעס. ראָסינס ליד אַנטפּלעקט ניט קיין אַקטיוון אינערלעכן קאַמף באַם שרייבער. די סאָציאַלע באַזע זיינע און די קאַמפן אַף איר זיינען זייער איינגעשרומפּן. דעריבער איז קיין וווּנדער ניט, וואָס ראָסין אַנטפּלעקט אין זיין ליד בלויז די א. ג. פּאַסיווע געפילן (ווייטיק, צאַר, בענקשאַפט, נאָגעניש), אָבער גאָר שוואַך די אַקטיווע (אופרעגונג, פּראָטעסט, צאָרן, סינע, גיפטיקייט).

* * *

1928—1929—דער לעצטער פּעריאָד—טראָגן ניט אַריין קיין נייס אין ראָסינס שטימונגען. עס זעט זיך אָן, ווי ער זאָל בלויז קענען טיף פאַרבויגן דעם קאָפּ בייסן רעוואָלוציע-געוויטער, אָבער ניט זיך איבערשמעלצן אין אים. די לידער פון די לעצטע יאָרן זיינען ווידעראַמאָל אָדער אינדיווידועלע אָדער ראָמאַנטישע. „איך גיי און גיי—און שוואַרצע פאָנען הענג איך אויס דאָ מיט מיין בליק“—אַזוי הויבט ראָסין אָן זיין פּאָעמע „היים“. שוואַרצע איינזאַמע בענקעניש איז דאָ פאַראַן. דעם דיכטער איז עס אומבאַדינגט „—נו טו, נו שריי, נו וויל ניט זיין ראָמאַנטיש,—ס'איז שווער אַוועק פון זיך אַליין“... און ניט אַוועקגיין פון זיך אַליין הייסט שוין געדענקען בלויז די אייגענע „בלויע טרוימען“, און האָבן פאַר זיך בלויז די שטעטלדיקע אַטריבוטן—אָט דאָס אַלץ, וואָס רופט אַרויס אַ נאָגעניש און באָדנלאָזן כאָלעם. דער גאַנעק, די הויכע טרעפּ, דער דניעפּר, די ניי-מאַשין, טורגעניעווס „דים“—ווי פאַרעלטערט דאָס איז אַלץ און ווי אומזיסטיק ראָסין ברענגט דאָ אויס זיינע שטימונגען. אומזיסט—אומנישט.

דאָסזעלבע ווייטער—אין די לידער „באַגערן“—די סאַמע שפּעטסטע כראָנאָלאָגיש אין זיי פעלט דער סאָציאַלער געפיל. מיר דערמאָנען עס ניט דערפאַר, ווייל אַ דיכטער, זאָל עס הייסן, דאַרף ניט שרייבן איצט קיין ליבע-לידער. ניין, מיר זעען אָבער אין דיזאָזיקע לידער סאָציאַלע אויסגעליידיקטקייט און ניטבאַפרידיקטע באַגערן, וואָס דאָס אַלץ האָט אַ באַשטימטע טענדענץ אין זיך, און בילדעט אַ געפאַר פאַרן דיכטער אַריינצולאָזן זיך אין אַלבאָם-זשאַנר. דאָס איז אַ געפערלעכער נויג. פונוואַנען קומט עס? אַלץ פון דעם שטעטלדיקן שימל-קוואַל. וואָלט דער דיכטער טאַקע געקומען שוין „צו אונדז צו אַלע“, וואָלטן מיט אַנדערע פרישערע און פריידיקערע פאַרבן געוועהן דורכגענומען זיינע לידער. אָבער דערווייל—

„מאַמעס טרויער אין אופלויכט מיך לויערט,
באַגלייט מיך אין אופגיין איר וויי—
קאָן נאָך האַרץ זיך מיט העלן ניט פרייען,
קאָן נאָך מויל ניט צעלייכטן מיט פרייד.

אויב ראָסין וועט איצט, אין 1930-טן יאָר, ווידער איבערכאַזערן דיזאָזיקע קליינשטעטלדיקע „פילעפוסיע“ און דיכטעריש זיך קוויקן מיט דער מאַמעס וויי, פונקט אַזוי ווי ער

האָט עס געטאָן בייס זײַנע ערשטע שאַפונג-טריט,—אויב ראָסין וועט דאָס פאָרזעצן—און אַזעלכע טענדענצן קען מען באַמערקן—בלײַבט ער דעמלט אינם טעמפּל ווינקל פון קליין-שטעטלדיקער אומפּרוכטבאַרער קלאָגערײַ. און נאָר מיט אַזאַ שטימונג קאָן מען זיצן אַף די ברעגן פון דניעפּר (ניט פון טײַך באָוועל) און אַזוי עלנט-אומעטיק אונטערברומען, ווי דאָס טוט ראָסין אין זײַן ליד פון 1928 יאָר „דער ווינט פון זאַפּאָראָזשיע":

הײַנט איז רויק דער דניעפּ,
שרײַען די שוועלן,
שרײַען די שוועלן און דערמאָנען אָן יאַם,
און דערמאָנען אָן דעם, אַז דו בינסט נאָך עלנט
געוועזן און פאַראַן.
איינער אַליין דאָ—באַ די דניעפּרישע שוועלן
וואָלט זיך מיר וועלן
דיר געבן פון ווײַטן אַ כאַוואַרשע האַנט,
אין הײַנטיקע טעג איז דען קיינער ניט עלנט,
איז דען קיינער ניט עלנט באַ אונדז אינם לאַנד?

די פּראָבלעם, וואָס דריקט ראָסינען פון ווען אָן, האָט זיך אין אים דערוועקט אויך באַם צוזען די דניעפּרישע שוועלן, וועלכע מען וועט „פאַרצאַמען, פאַרשליסן, פאַרשטעלן"—אויך זיי זאָלן פליסן אַהין, ווו מען דאַרף". אָט דאָס דערמאָנט דעם דיכטער עלנט, נאָכמער—עס באַשטעטיקט אים דעם געדאַנק, אַז „פּראַקטישע מענטשלעכע עלנט" איז גאָרניט ווערט, און דאָס ווייעט אַף אים אָן אומעטיקע געדאַנקען. צי דאַרף מען דאָ דערמאָנען, אַז דער דיכטער קען באַ אַזעלכע פאָרויסזעונגען פון „דניעפּרישער געצוימטקײַט" זיך דאַווקע באַפרײַען פון שטעטלדיקע עלנט-ווייטיקן? מיר האָבן דאָך שוין דיכטערישע ווערק, וואָס האָבן פאַרקערפּערט אין זיך דאַווקע די פרייד פון „געצוימטע וואַסערן"—פאַרוואָס טרויערט דערבײַ ראָסין? דאָס איז ניט מער ווי נאָך אַ קליינשטעטלדיקער אָרעמאַנסקער שלוקעכץ, וואָס פאַרשווענקט אין ראָסינען דעם אַרבעטער און רעוואָלוציאָנערן קעמפער.

---

איצט מוז ראָסין אויסוויילן צווישן דעם שטעטל און דער הײַנטיקער פּראָלעטאַריש-סאָציאַליסטישער ווירקלעכקייט. ראָסין האָט אײַנדרוקן פון צוויי מינים: די יוגנט פון שטעטל און די רײַפע יאָרן פון אַרבעט און רעוואָלוציע. לעמײַ פאַרנעמט דאָס ערשטע אַזויפיל אָרט באַ אים? דאָס מאַכט ניט בלויז בלייך דעם לירישן מאָטיוו זײַנעם, נאָר כוץ אַלץ ווערט דערמיט זײַן פאָרם אַראָפּגעשלײַדערט שיר ניט ביז אַ רייזינישן פּרימיטיוו, ווײַל פון שטעטלדיקע מאָטיוון און שטימונגען, פונם שטעטלדיקן בילד, פון די נאָגנדיק-דריקנדיקע געפילן—פון דעם אַלץ קען ניט געשפײַזט ווערן דער דיכטערישער פאָרמעלער וווקס. אויך די פאָרם ווערט באַשאַפן פון אַ באַשטימטן מאַטעריאַל, נאָך בעסער—זי ווערט פאָרויס באַשטימט דורך דעם מאַטעריאַל, וואָס פילט זי אויס מיט אַן אינהאַלט. באַ דער סאַמע טיפסטער לירישער איבערלעבונג, קען, לעמאָשל, הערינבער ראָסין ניט געבן קיין דערהויבענעם סטיל, קײַן העפּטיקן ריטם, קיין בלוטפול-טעמפעראַמענטפולע שורע. דאָס אַלץ ווערט טאָרמאָזירט דורך דער גרונט-שטימונג פונם דיכטער. פאַר ראָסינען דאַרף זיין קלאָר דאָסזעלבע, וואָס ווערט פאַר אונדז קלאָר נאָכן איבערלייענען זײַן ביכל, דעהײַנע: אַז דאָס אַלץ געשריבענע ביז איצט פונם זאַמלביכל איז שוין אַ דורכויס דורכגעמאַכטער עטאַפּ און אָפּט קלינגען אין אים שורעס, ווי אַנאַכראָניזמען. פיל לידער קענען שוין איצט בלויז דינען ווי דאָקומענטן. דאָס זײַנען דאָקומענטן, וואָס שפּיגלען אָפּ די

שטימונגען און אידעאלאגיע פון די דעקלאסירטע פארארעמטע שיכטן אינם יידישן שטעטל. עלעמענטן, וואס האבן פאר זיך ניט געהאט קיין שום סאציאלע פערספעקטיוו. די יידישע פראלעט. ליטעראטור אין פ.ס.ס.ר. האט שוין געגעבן אנדערע „דאקומענטן“, זי האט שוין אויפגעדעקט די פרייד פון די פראדוקטיוויזירטע יידישע ארעמע מאסן אינם לויף פון דער סאציאליסטישער בויונג. אבער ראסינס לירישע רעפלעקסירט פארשפעטיקטע שטימונגען און מיט איר דארף געמאכט ווערן א סאף. מע דארף שטעלן א שטריך, פארענדיקן דעם שטעטלדיקן כעשבן און עפענען א נייע קאנטע. האט דאך ראסין אין איינע לידער געגעבן א נאדערוף אף לידער פון סאציאליסטישן בוי! זיין ערשטע ליד פון דער זאמלונג הויבט ער דאך אן מיט די פאלגנדיקע צוויי מונטערע און צוזאגנדיקע סטראפעס:

אין טעג פון אויפבוי און פון אויפקומען
איז הארץ געוועגדט אף וואקסנדיקן היינט,—
אף אלע טעג מיינע, אין רויך פארשוומענע,
גייט אויף אציגד אן אנדער שיין.
צו וואס זיך אומקוקן מיט בליקן-וואנדערער
אף אלך, וואס אפגעלעבט און איז פארביי,
ווען איך אליין בין שוין אן אנדערער,
און אלך ארום צעבליט מיט ניי.

מען קען ניט זאגן, אז די דאזיקע סטראפעס זיינען וויניקער אויפריכטיק און מיט קנאפערער פארמעלער דייטקייט ווי די איבעריקע לידער. עמעס, אין זיי פעלט קאנקרעטקייט, בלוט און פלייש,—עס איז אלך צו אבסטראקט. אבער א שריט איז עס שוין. טא זאל עס ווערן עפעס מער ווי א שריט און קינסטלעריש-קאנקרעטער פון א דעקלאראציע. און מיט דאס אלטע, וואס בילדעט דעם טאך פון דעמדאזיקן זאמלביכל, דארף פארענדיקט ווערן, דעמדאזיקן קאפיטל דארף מען שליסן.

---

# „100-פראצענטיקע“, „היינצייטיקע“, „קינסטלערישע“ ליטעראטור.

## ווי אזוי מ. טייטש רעאבילטירט אויסערפארטעישקייט.

מ. טייטש ארום דער פאבריק. „די ערשטע שוואלב“. ראמאן.

מוישע טייטש האט ווידער געפרווט געבן א בוך אף אן אקטועלער טעמע, פאראיארן איז דערשינען א ראמאן פון דעמזעלבן אווטאר—„דער טויט פון כ. וווליע“—וואס די טעמע איז דארט געווען די אויפשטעלונג פון דער סאציאליסטישער פאבריק. אין ניי-דערשינענעם בוך, וועגן וועלכן עס גייט דא א רייד, איז גענומען געווארן ווידעראמאל אן אקטועלע טעמע—דער קאמף צווישן סאציאליסטישער ווירטשאפט און פריוואטן קאפיטאל.

א גוטע און היינטצייטיקע טעמע און שלעכט אויסגענוצט געווארן. אין צענטער איז ניט געשטעלט געווארן די פאבריק. דער אווטאר האט זיך פארכאפט מיט „ראמאנטישקייט“, מיט „ליבע“ מיט „איבערלעבונגען פון „העלד“. אין צענטער שטייט דער הויפט-העלד דימשיק און זיין לעבן-טראגעדיע.

דימשיק, דער הויפט-העלד פון בוך, איז פארטראכט דורכן אווטאר, ווי א מין קאמוניסטישע טוגנט. דער שרייבער סטארעט זיך אויסמאלן א מין „לעבעדיקן מוסטער“ פון אלדעס גוטס, וואס דארף נאר זיין אין א מענטשן. פארשטייט זיך, אז דערדאזיקער דימ-

שיך איז אין דער נעשאמע אן אינטעליגענט, פארשטייט זיך, אז ער האט „אינערלעכע וואקלונגען”, פארשטייט זיך, אז ער „לעבט שטארק איבער”, און דאס לעצטע האט זיך דער אווטאר זייער שטארק געסטארעט דערוויזן, האלטנדיק, מיסטאמע, אז מען ז'ארף, ווי עס באדארף צו זיין, זיך א פלייס טאן אין „פסיכאלאגיע”. און אט דידאזיקע אינטעליגענטיש-צעווייכטע נעשאמע איז פאשעט מאריש אוילעם בא טייטשן!

באווייזט אונדז דער שרייבער, ווי אזוי אט דער „פארטיי-טוער פון ראיאן-מאסשטאב מאכט א „רעוואלוציע” אין זיין פערזענלעכן שטייגער. ער איז, פארשטייט זיך, א פארהארטעוועטער אידעאלער קאמוניסט. מיר דערוויסן זיך פון אווטארס איידעס זאגן, אז דימשיץ איז געווען אף פראנטן, געהונגערט, געוואלגערט זיך אף טישן פון אנשטאלטן, ביכלאל ניט געקוקט אף זיך, ווען די רעוואלוציע האט אים באדארפט. נאר עס איז געקומען דער נעפ און עס איז געווארן לייכטער און גערוימער. דימשיץ האט זיך ארומגעקוקט און... איז „געפאנגען געווארן” אין די ליבע-נעצן פון א מאשינעסטקע. און דא הייבן זיך אן די ניסיוינעס: ערשטנס, ווייזט זיך ארויס, אז ער, דימשיץ, איז אריינגעפאלן אין א נעפיש-ספעקוליאנטישע סוויווע, צווייטנס, אז זיין יונגע ווייבל האט בורזשואזע נויגונגען,—עס ווילט זיך איר מעבל, קאמפארט,״ אינטימקייט. דימשיצן גיט דאס אלץ א שלאג אין נאו—ער איז דאך א קאמוניסט, ער שטייט העכער פאר זיין שטוב-סוויווע, עס שטיקט אים די שטעטלדיקע נעפישע לופט און ער באשליסט... אנטלויפן שטילערהייט, מאכן א שטילן „בונט” קעגן דעם נעפ, וואס קריכט אף אים פון אלע זייטן. לויפט ער אין פארטיי-קאמיטעט, פאדערט מען זאל אים אפלאזן; עס איז אפילע שווער די אוויידע,—דימשיץ איז איינער פון די געציילטע גרונט-טוער,—אבער זעענדיק זיין גרויסע „טראגעדיע”, לאזט מען אים זיך ארויסרייסן פון נעפס הענט”, און דער לעזער טרעפט שוין דימשיצן אין די מאסקווער גאסן.

פארוואס אנטלויפט דימשיץ? דאס דערקלערט אונדז גענויער רער אווטאר דורך אזא מאנאלאג, וואס קומט פאר צווישן אונדזער צעבונטעוועטן העלד מיט זיין כאווער, דעם סעקרעטאר פון פארטקאם ווארענאוו.

ד י מ ש י ץ: פונוואנען עס קומען שטימונגען ווילסטו וויסן? ווער ווייס פונוואנען זיי קומען. דו ווייסט, אז ביז דער מילכאמע בין איך געווען אן ארבעטער? (אהא, פראלעטארישע פארגאנגענהייט! כ. ד.).

ו א ר א נ א ו: אבער איך ווייס אויך דאס, אז פריער ביסטו געווען אן אנגעשטעלטער (אט-אט הייסט עס, אז דער פראלעטאריער איז ניכשל געווארן נעבעך! כ. ד.).

ד י מ ש י ץ: נו יא, איו אט. איך שפייז מיך די גאנצע צייט מיט באריכטן, מיט פאפיר, איך אפעריר קעסיידער מיט פראגן, מיט רייד... דו פארשטייסט, איך האב זיך פאשעט פארבענקט נאכן עמעסדיקן לעבן אביסל... נאך פיזישער ארבעט... יא-יא, נאך פיזישער ארבעט... („דער ביוראקראטיזם האט זיך שוין דעם פראלעטאריער צוגעגעסן”! כ. ד.).

און שפעטער:

„...מיר ציט צו פאבריק-ארבעט—דארט, פיל איך, וועל איך אויסמיידן אלע ספייקעס, דארט וועל איך זיין אפן געהעריקן ארט. (אהא: טשוווע! דימשיץ טוט טשוווע... כ. ד.).

ו א ר א נ א ו: דער אלטער ראמאנטיקער האט זיך אין דיר צערעדט, א?

אלזא דער „פאספארט” און די „פסיכאלאגיע” איז אזא: געווען אן אנגעשטעלטער, געווארן אן ארבעטער, פסיכאלאגישער שטויס—ראמאנטישקייט (לויט ווארענאוון) און אידעאליזם (לויט טייטשן).

מען דארף אנטלויפן פונדערהיים, מען דארף לויפן פון בערג פאפיר, מען דארף לויפן פון די מענטשן. ווארעם אין שטעטל זיינען גאר ניטא קיין רעכטע מענטשן, כוץ דימשיץ און ווארענאוו. אף זיי ביידע בלויז שטייט די וועלט. פאראן קאמוניסטן און אינטעליגענץ אין

שטעטל, אָבער יענע זײַנען פֿאַרשטעלט מיט דימשיצעס „פֿיגור", אָדער זײַנען גלאַט אויסוורפֿן. אָט איז דער דאָקטער פֿון שטעטל. ער רײַסט דאָס היטל פֿון קאָפּ פֿאַר דימשיצן,— אויס פּאַכעד, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרן אייגנטימער פֿון אַ פּאַרטיי-בילעט (פֿאַרוואָס זאָל עפּעס אַ דאָקטער מוירע האָבן פֿאַר אַן אידעאַלן קאָמוניסט?). און דער דאָקטער איז ניט איינער— מיט „אַזוינע ווי דער דאָקטער איז אָנגעפּיקעוועט דאָס שטעטל". ניט אומזיסט איז דימשיצן אַזוי שווער דעם „מאָנאָמאַכס יאַרמלקע",—עס איז אים שווער טראָגן דעם פּאַרט-בילעט אין קעשענע, און דימשיץ ווערט אַ „נײַער", אַ וואַנדערער, ער אַנטלויפֿט פֿון דער „כאַזערישער" ווירקלעכקײַט. זײַנע פּלענער און כאַלוימעס? הערט נאָר:

„דימשיץ האָט זיך שוין פֿאָרגעשטעלט, ווי גוט אים וועט זײַן אַרומצוגיין איבער די גאַסן—ניט דאָ אינעם שטעטל, וווּ אַלע ווייסן ניט נאָר דאָס, וואָס ער איז אַ קאָמוניסט, נאָר שיר ניט אויך דער נומער פֿון דעם פּאַרטיי-בילעט, נאָר דאָרט, אין די גרויסע שטעט ערגעץ, גייט ער אַזוי אַרום אַן אומבאַקאַנטער צווישן אומבאַקאַנטע. ער הערט און ער זעט, און אַלעמען זעט ער אין דער עמעסער פֿאַרב (!!). און נאָך וועמען ער האָט זיך אַמשטאַרקסטן פֿאַרבענקט, איז דאָס נאָך עמעסע אַרבעטער, נאָך אַרבעטער-אינטערעסן און אַרבעטער-פּסיכאָלאָגיע (אָט-אָט—אַ פּאָרציע הונדערט-פּראָצענטיקע אידעאָלאָגיע!—כ. ד.). די רעוואָלוציע האָט אים אָפּגעריסן פֿון זײַן פֿאַך—איצט וועט ער אַוועקגיין אַף אַ פֿאַבריק. דאָס וועט זײַן דאָס גליקלעכסטע. אים האָט מען אַלעמאָל ליב געהאַט אין די פֿאַבריקן, וווּ ער האָט געאַרבעט. יאָ, אַזוי וועט זײַן גוט. די פֿאַבריק-אַרבעט וועט אים שוין מעמיילע גאַראַנטירן פֿון קליינבירגערלעכע געפֿאַרן. דאָס איז אַלנפֿאַלס דאָס בעסטע, וואָס ער האָט זיך איצט געקענט אויסקלײַבן אין זײַן לאַגע".

אַנטפּלעקט זיך ניט פֿאַר אײַערע אויגן דער „הונדערט פּראָצענטיקער" קאָמוניסט, וואָס „ווייטיקט" מיט „אַרבעטער-אינטערעסן": וואָס איז גרייט ווערן אַ לאַמעדוואָווניק, קעדיי אַלעמען זען אין דער „ע מ ע ס ע ר פֿאַרב", קעדיי זײַענדיק „אַן אומבאַקאַנטער צווישן אומבאַקאַנטע" זיך אָנזופּן מיט „אַרבעטער-פּסיכאָלאָגיע" און דורך דער „פֿאַבריק-אַטמאָספֿערע" זיך פֿאַרבראָנירן פֿון „קליינבירגערלעכע געפֿאַרן". דאַרף מען ניט אויסקושן אַלע גלידער אַזאַ זעלטענעם קאָמוניסט?...

לויפֿט ער אין מאָסקווע, דימשיץ.

דימשיץ דער געוועזענער פֿאַראַנטוואָרטלעכער טוער, איז דאָ ניט בלויז אַן אַנטלאָפֿענער פֿון נעפּ. דער אווטאָר באַשענקט אים מיט אַ „מיסיע", אַ גרויסע, אַ וויכטיקע און אַן אוניווערסאַלע מיסיע. מאָסקווע, ווײַזט אויס, פֿאַרברייטערט נאָך מער דימשיצעס „קאָמף-האָריזאָנטן. דימשיץ איז, פֿאַרשטייט איר, אַ מאַסן-מענטש; ער איז אַבסאָלוטע גוטסקײַט און אָרענטלעכקײַט; ער גייט ניט אין מאָסקווע דורך פּאַרטיי-קאָמיטעטן באַקומען אַרבעט—פּע, פּראָטעקציע, ביוראָקראַטיזם א. ד. ג. דימשיץ גייט „אין די מאַסן". ער גייט אַפֿן אַרבעט-בירושע, שלאָפֿט אַפֿן געלעגער צוזאַמען מיט אַלע אַרבעטלאָזע. טיילט מיט זיי דעם ביסן, אָט די מאַסע איז זײַן סטיכיע. פֿאַר זיי לייענט ער אַ צײַטונג, ער „קלערט זיי אויף". די פּאַרטיי ווייס ער ניט, דערדאָזיקער נעכטיקער פּאַרטעיִשער „ראַיאָן-מאַסשטאַב". יע, ער קומט אָפּ, ער לויפֿט, ער הונגערט, נאָר דערבײַ „ריינוקט" ער זיך. ער ברענגט דאָ קאָרבאָנעס אַפֿן מיזבייעך פֿון דער רעוואָלוציע. האַקלאַל—דימשיץ האָט מאַקריוו געווען זײַן היים און היימישקײַט, ער איז מאַקריוו זײַן קאַריערע, ער איז מאַקריוו... זײַן פּאַרטיי-אָרט, אַבי זײַן „מיט די מאַסן". און קעמפֿן-קעמפֿן קעגן אַלדאָסבייז, ווײַל דאָס אַלץ קען גוט געטאָן ווערן באַשיידן, אינדערשטיל, פֿון דער זײַט. און אָט דידאָזיקע זיך „לויטערנדיקע נעשאָמע" פֿון דעם אידעאַלן קאָמוניסט דימשיץ קומט אַרײַן אַף דער אָרענדירטער פֿאַבריק „די ערשטע שוואַלב". דימשיץ איז געקומען—האָט זיך די זון באַוויזן, ביז דאַן זײַנען די אַרבעטער געגאַנגען נאָכן באַלעבאָס, די אַרבעטער-„פֿירער" זײַנען געווען שיקורים און פֿאַרקויפֿטע לײַט. עס איז אַפֿילע קיין פֿאַבקאָם ניט געווען און עס זעט אויס

ווי די דאָרטיקע אַרבעטער וואָלטן גאָר פֿון סאָוועטן-מאַכט ניט געוווּסט (אָפּן 5-6 יאָר פֿון רעוואָלוציע...), נאָר עס איז געקומען דימשיץ און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קלאַסן-קאַמף. די שיכטונג צווישן די אַרבעטער. שיקורים ווערן דעמאַסקירט, דער באַלעבאָס ווערט אַלץ מער מאָראַליש אַראָפּגעזעצט און מאַטעריעל רויִנירט, עס ווערט שוין אַ פּאַבקאָם אָפּן פֿאַבריק, און „אָכראַנע טרודאַ“ און וואָס איר ווילט. און ניט בלויז אָפּן פֿאַבריק געשיט וווּנדער מיט דימשיצעס קומען: קײַן מאָסקווע, ווײַזט זיך אַרויס, האָבן זיך פֿאַרקליבן אַסאַך נעפּלײַט און טאַטעס-זינדלעך פֿון דימשיצעס שטעטל—ווערן זיי, פֿאַרשטייט זיך, אויך דעמאַסקירט. זיי פֿאַלן אַרײַן מיט זייערע געשעפֿטן און פּעקלעך דאָלאַרן אין די הענט פֿון ג.פּ.או., און—אָט דאָ קומט דאָס „הערלעכסטע“—„זי“, וואָס האָט באַרויבט דימשיצעס רו, זײַן ווײַבל, דעם שויכעטס טאָכטער און געוועזענע מאַשינִיסטקע, וואָס איז שוין איצט קאַסירשע אין דעם מאָסקווער פּיקטיוון ספּעקולִיאַנטישן קאָאָפּעראַטיוו—זי, „די מערדערן“, פֿאַלט אַרײַן אין די הענט פֿון ג.פּ.או., באַ זײַן, דימשיצעס, דירעקטן אָנטייל. דער פֿרומער קאָמוניסט דימשיץ, אָט דער אומפּאַרטײִשער פּאַרטייִער, וועלכער מאַכט מיטן האַנט אַף קעמערל און פּאַרטיי-קאָמיטעט, ער טוט און האָרעוועט שטילינקערהייט, און—ער ברעכט ביוראָקראַטיזם, ראַמט אויס קאַפּיטאַליזם, שטעלט אײַן סאָוועטן-מאַכט אַף אַרענדירטער פֿאַבריק-טעריטאָריע, באַקעמפֿט עקיסטישע שטימונגען אין פּראָלעטאַריאַט. בראַוואָ, דימשיץ! דיר געהערט דער טיש מיט מײַכאָלים, וואָס איז צוגעגרייט פֿאַר די קאָמוניסטן וועלט-פֿאַרזאָרגער; דיר געהערט דער יאָנטעוו, אָבער ניט יענע מיט די פֿאַרטבילעטן, מיט די קעמערלעך און „דיסציפּלינעס“!...

יע, פֿאַראַן נאָך קאָמוניסטן אינם ביכל. איז איינער (וואָראָנאָוו) קוים קענטיק, אַ צווייטער נוצט אויס דעם פּאַרטיי-בילעט פֿאַר ספּעקולִיאַציע, אָבער טויגן צו עפּעס, טויגן בלויז אַזעלכע ווי דימשיץ.

וועגן דימשיצעס מײַסים, וואָס דאַרפֿן דינען אַלס מוסטער פֿאַר קאָמוניסטן, האָבן מיר דאָ דערציילט. מיט „פּסיכאָלאָגיע“ און „אידעאָלאָגיע“ פֿונם דאָזיקן העלד איז שווערער זיך פֿאַרנעמען, ווײַל דעמלט וואָלט מען דאָ געדאַרפֿט איבערדערציילן, וואָס דימשיץ זעט פֿון שלאָף, ווי אַזוי און וועגן וואָס ער כאָלעמט, זיצנדיק אין די מאָסקווער סקווערן, ציטירן אַלע זײַנע סענטענציעס. א. ד. ג. מיר וועלן דאָס ניט טאָן. עטוואָס וועגן דעם איז אויבן געזאָגט. מיר האָבן אַלנפֿאַלס שוין געזען, וואָס פֿאַר אַ דימענטענע נאַטור דימשיץ איז, איז מער ניט די קאַשע—ווי קען דאָס אַזאַ „פֿאַרקלערטע נאַטור“ נעמען אַף זיך צו קערן אַזעלכע בערג? איז דער ענטפֿער אַף דעם—די מיסיע, די „הייליקע מיסיע“, וואָס ווערט אין דימשיצן אַרײַנגעלייגט—צו גיין „ראַטעווען די מענטשהײַט“ פֿון דער „מוטנער כוואַליע“ (נעפּ בלאַז). „קוים איז אים אַזוי באַשערט, אַז זײַן וועג זאָל דורכגיין דורך אַ ניסאָיען, גייט ער אים און גאָר“. באַפֿליגלט פֿון דער „מיסיע“, ווערט דימשיץ אַ „העלד פֿון בויונג-פֿראָנט“, אַרבעט ער מײַסים קעגן קאַפּיטאַליסטן און ספּעקולִיאַנטן. אָבער דימשיץ איז פֿאָרט און דעריקער „מענטש“, „וואָאָבשטשע“, איז דעריבער, אַז עס קומט צום סאָף פֿון ראָמאַן און אַלץ מוז זיך ענדיקן גוט (דאָס איז אומבאַדינגט בײַ טײַטשן, לויט די אַלטע גוטע מידעס) זאָגט דימשיץ צו ראָזען זײַן ווײַב, אָט צו דערזעלבער, וואָס האָט אים געשאַפֿן אַ נעפּ-סוויזווע: „איך זאָג דיר צו, איך וועל זײַן אַנדערש. אַביסל וועסטו נאָכגעבן, אַביסל איך“... איר פֿאַרשטייט? מיינט ניט, הייסט עס, אַז דימשיץ איז אַזוי גראָדליניק, ווי כ'ווייס ווער, ער איז בויגעוודיק, ניט ווי אַנדערע קאָמוניסטן...

טרייסלט איר זיך אָפּ אַ ביסל פֿון דער „פֿאַרכאַפּנדיקער מײַסע“, ווערט פֿאַר אײַך קלאָר, אַז איר האָט פֿאַר זיך פּאָשעט אַ קליינבירגערלעכע ליטעראַרישע פּאַטראַווע, מיט אַלע אָפּשפּיצלעך פֿון יענע „באַרימטע ראָמאַנען“, וואָס פּאַסן זיך צו צום געשמאַק פֿון ברייטן עולם. דערבײַ איז דער פֿאַסאַד אויסגעמאָלט 100-פּראָצענטיק פּראָלעטאַריש, לויט דער לעצטער מאָדע. אַלץ איז, דאַכט זיך, דאָ אָפּן אָרט: אי קאָמוניסטן, אי ספּעקולִיאַנטן, און אַ קאַמף גייט, און „שלעכטס גייט אונטער“, און „גוטס זיגט“—אַלץ, ווי עס באַדאַרף צו

זײַן. נאָר... די קאָמוניסטן זײַנען פֿאַלש, און דער קאַמף מיט די קלאַסן-פֿײַנט איז ניט אי-
בערצײַגנדיק, נאָר דעטעקטיוויש-„פֿאַרכאַפּנדיק“. און צוויידײַטיקײַט איז אומעטום פֿול.
אַט דאַכט אײַך, אַז דימשיק איז אַן אָפּאָזיציאָנער קעגן נעפּ, און אָט אײַלט זיך שוין דער
אַווטאָר פֿאַרגלעטן אַזאַ אײַנדרוק. ווײַל, זעט איר, ער וויל דאָך מאָלן אַ פּאָזיטיוון פּראָ-
לעטאַריער-קאָמוניסט „מיט אַ מיסיע“. אָט דאַכט אײַך, אַז דערזעלבער דימשיק ווערט
באָלשעוויסטיש-האַרט, אָבער אין אַ סעקונדע אַרום ווערט שוין דערדאָזיקער קעמפּער
כניקען איבער אַ פּודער-פּושקעלע פֿון אַ פֿאַרלאָזענער און ניטגעליבטער ווײַב. דער אָרע-
מער דימשיק איז, נעבעך, אַזויפֿיל אַרומגעהאַנגען געוואָרן מיט „מיסיעס“ און „טוגנט“, אַז
ער פֿאַלט אונטער זייער יאָך און צוזאַמען מיט אים לײַדט אַ מאַפּאָלע אויך דער אַווטאָר.
דימשיצס פֿיגור איז אַן אויסגעטראַכטע און זײַן פּאָזיטיווע אויסטײַטשונג איז אַ פֿאַלשע,
אַ קליינבירגערלעך-אָפּאָזיציאָנעלע. און דאָס זאָל עס זײַן אַ מוסטערהאַפֿטע פֿיגור אין אונ-
דזער סאָציאַליסטישער בויונג!...

אומפּאַרטעיִשקײַט און עקיזם פֿון סאַמע לעצטן מין, נײַ מאָדנע דאָן-קיכאָטישקײַט און
פּשאָרעמאַכערישער אָפּאָרטוניזם—פֿון אָט די אַלע אידעאָלאָגישע שמאַטעס איז צונויפֿגע-
שטוקעוועט דער העלד דימשיק. און קײַן אַנדערע העלדן, גוטע פּאַרטייער צי אַרבעטער,
זײַנען ניט אַרויסגעפֿירט אין ראָמאַן.

מ. טײַטש האָט ניט באַנומען דעם טיפּ פֿון אַן עמעסן קאָמוניסט, אידעאַליזירט ער
אויסערפּאַרטעיִשע פּאַרטייער.

* * *

יאָגנדיק זיך אַרויסצורופֿן בילִיקן אינטערעס בײַם לייענער, טאָן אים אַ קיצל, שטופּט
טײַטש אַרײַן אין זײַן בוך אַביסל עראָטיק. כאָטש ער, טײַטש, איז אַף דעם איניען אַ קנאַ-
פּער מומכע. גיט ער אַ שטיקל קוראָרט-לעבן, ווײַזט ער דעם מיסטקאַסטן פֿון קוראָרט—
דעם פֿלירט און די זנוס-נעכט. ווערט שוין דער מעכאַבער פֿאַרכאַפּט דערמיט, גייט ער
ווײַטער און זשאַלעוועט ניט די גראָבסטע באַנאַלקײַט און שטעלט זיך ניט אָפּ פֿאַר ציניזם.
באַלד נאָך דער מײַסע—קיסלאָוואָדסק, באַלד נאָך דעם, ווי ער דערציילט אין אַ געהויבע-
נעם טאָן, ווי „זי“ פֿלעגט, „ווי אַ גרעזל אין אַ ווינט, פֿלאַטערן אין זײַנע אָרעמס“, און
„ער“ פֿלעגט איר „שטיקן דאָס מויל מיט זײַנע זיס-בײַסנדיקע ליפּן“—גלײַך נאָך דערמדאָ-
זיקן סמאַקעווען אַ קאַפּעטשקע עראָטיק, איז קעדיי נאָך שטאַרקער מאַכן דעם אײַנדרוק,
גייט אַזאַ מין פערלדיקער אַבזאַץ:

„אָבער אַ לעבן-שטראָם, ווײַזט אויס, אַז ער גיט אַ כוואַליע איבער אַ לאַנד, פֿאַר-
גיסט ער אים פֿון עק ביז עק, מער ניט, וואָס די שטאַרקײַט זײַנע איז ניט אומעטום
דיזעלבע, און ביז ברונין האָבן זיך דערקײַקלט נאָר קוים עטלעכע שפּריצעלעך. אָבער
אויך פֿון דעמזעלבן שטראָם: פֿאַרן שטילן און נעבעכדיקן ברונין איז דאָס אַ גאַנצער
שטורעם געווען. אויך אין ברונין האָט דעם לעצטן זומער אַ געוויסע קאַטעגאָריע
יונגעלײַט גענומען דערטאַפּן וואָס הייסט פֿריילעכקײַט אַף דער וועלט און ווי אַזוי
מען נוצט אויס אַ זומערדיקע לעוואָנע-נאַכט, אָדער נאָך בעסער, אַ פֿינצטערע אָנ-
לעוואָנעדיקע נאַכט“.

דאָס איז פּאָשעטער ציניזם, ציניזם, וואָס איז נאָך ניט איבערגעגאַנגען אין פּאָרנאָ-
גראַפֿיע בלויז דערפֿאַר, ווײַל דער מעכאַבער באַזיצט דערפֿאַר ניט קײַן שילדערונג-מיטלען.
דער „לעבן-שטראָם“, וואָס האָט אַ „כוואַליע בעטאָן איבערן לאַנד“ און דערגרייכט פֿון
קיסלאָוואָדסק ביז ברונין, איז, ווי איר זעט, פֿאַראַלגעמיינערט אין דעם באַגריף „פֿריי-
לעכקײַט“ (מ. טײַטש האָט „אַנטפּלעקט“ דעם לעבן-סטיל פֿון אונדזער לאַנד!...), און די
לעבן-פֿילאָסאָפֿיע פֿון דעמדאָזיקן שטראָם איז אויסגעשעפּט מיט סאַנין-מאָטיוון—מיט קענען
אויסנוצן „אַ פֿינצטערע נאַכט“, קענען אַרויסווײַזן „ראַזביטנעקײַט“ (אַ האַמעטנער רוסי-
ציזם אין דער יידישער שפּראַך) און „וואָליוגערישקײַט“—אַזוי מיינט טײַטש. דאָס איז

צעקנעפּלטע עקלהאַפטע באַנאַליטעטן! וואָס איז עס פאַר אַ מין קאַוואַלערישער דורכפאָרן זיך אַפן כעשבן פון אונדזער „לעבן-שטראָם“? אָט אַזוי וויל דאָס מ. טייטש „פּראָלעטאַריש“ שילדערן דעם רעוואָלוציע-שטייגער פון אונדזער לאַנד?!

מעגלעך, אַז טייטש וויל ניט אָפּשטיין פון לייטן און אים גייט אין דעם צו געבן אין זיין ראָמאַן די „פוילנדיקע אייראָפּע“, זיך נויקעם זיין אָן דעם פּעט-געוואָרענעם נעפּ און מאָלן די צעלייגטע שטעטלדיקע באַלעבאַטישע יוגנט. אָבער וואָס פאַראַלגעמיינערט ער דאָ דעמדאָזיקן געמיינעם שטייגער אונטער דער יאַרמלקע פון „לעבן-שטראָם“ אין „אונדזער לאַנד“!

אָבער אָט דערדאָזיקער אַרט מאָלן אונדזער שטייגער האָט אַן אָרגאַנישע שייכעס צום גאַנצן „גאַנג“ פון מ. טייטשס ראָמאַן. דער סאָוועטישער שטייגער שטייט, לויט זיין געדאַנקען-גאַנג, אָן אַן ערעך אָפּ פון דעם פאַרלאַנגטן אידעאַל פון די דימשיצעס. אַזאַ אויסגעשמאָדערטע קליינבירגערלעכע פאַרטייטשונג פון אונדזערווירקלעכקייט, באַנאַליזירט און אין צען פאַך טראַפּאַרעטער, ווי בײַ וועמען אַנדערש, איז בײַ טייטשן פאַראַן. איבער דערדאָזיקער „שמוציקער ווירקלעכקייט“ זאָל עס שטיין דימשיץ מיט זיין אויסער-פּאַרטעישקייט און מיסיאָנערישן אידעאַליזם... די דימשיצעס זיינען רעאַבילירט.

מיר לאָזן דאָ אָן אַ זייט די מיטלען, מיט וועלכע מ. טייטש צייכנט זיין העלד און די סאָוועטישע אומגעבונג. גאָר-גאָר נעבעכדיקע מיטלען פאַרמאָגט דער שרייבער. זיין גרונט-מיטל איז ניט פון אַ קינסטלער—ער נעמט קימאַט מיט הוילן פאַקט און געשעעניש. וועלכע ער בינדט צונויף, אָפט איבערגוואַלד, אין אַ ראָמאַן-פאָרם. פּרעטענדירן פּרעטענדירט ער אָבער אַף פיל מער, ער פּרובירט זיך אויך פאַרנעמען מיט די „אינערלעכע געביטן“ פון דעם מענטשן און אַפילע מיט געזעלשאַפטלעכער אַנאַטאָמיע. די אַנאַטאָמיע פון אונדזער סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכקייט איז אים אָבער אַזויפיל פאַר די קויכעס, אַף וויפל אין איר זיינען דאָ פוילנדיקע רעשטן. אַף זיין אויפן גיט זי מ. טייטש פאַרקריפּלט, איבערגעבראָכן אין דער פאָרשטעלונג פון אַן אופגערייצטן, אָפּאָזיציאָנעלן און אומצופרידענעם קליינבירגער.

עס ווילט זיך נאָך אָנווייזן אַף גראָבע נאַכלעסיקייטן אין דער שפּראַך פון בוך. אַנדערע ערטער מאַכן אַן איינדרוק, ווי דאָס בוך וואָלט איבערזעצט געוואָרן פון רוסיש, אָדער עס וואָלט געשריבן געוואָרן פאַרן רוסישן דרוק, צום איבערזעצן. מיר נעמען אייניקע בײַשפּילן. אַף זייט 6 ווערט געזאָגט: „איבעריק צו פאַרשפּרייטן זיך וועגן זיך“—דאָס איז פּאָשעט איבערגעפירט פון דעם רוסישן „Распространяться о себе“. מען וואָלט געקענט געפינען דערפאַר אַ יידישן אויסדריק. אָדער—„אין קעשענע האָט זיך נאָך ניט אויסגעפירט דאָס ביסעלע קליינגעלט“ (זייט 16)—ווידער אַן איבערזעצונג פון רוסיש. מיט רוסיש קלינגט אויך דער אויסדרוק „אַ גרויסער איבערשלאָג אין דער אַרבעט“ (זייט 172). ווייטער איז ניט באַוווּסט צו וואָס דאַרף מען האָבן אַזאַ רוסיציזם, ווי „פּאָפּאַדעט אַף דער אַרבעט“ (זייט 94). שלעכט קלינגט אַזאַ פראַזע: „ווען איך האָב אַזאַ אַרבעט, וואָס זאָל מיר קענען אַזוי פאַרציִען“ (זייט 171). מען קען ברענגען נאָך אַזעלכע בײַשפּילן. דידאָזיקע ערטער פּאַטערן די שפּראַך פון דעם מאַסן-לעזער. דאָס אַלץ איז אַ צוגאָב צו דעם „אינהאַלט“ און דער „פאָרם“ פונם ראָמאַן.

אַלעקסאַנדער קושער.

# פּאַווליוק טרוס.

1

אַ גרויסער פֿאַרלוסט פֿאַר דער ווײַסרוסישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. דעם 30 יון איז פֿון בויך-טיפֿוס געשטאָרבן פּאַווליוק טרוס. אַזאַ פֿרישער און זאַפֿטיקער, אַזאַ עמאָ-ציאָנעל-ברייטער פּאָעט. ער איז אַרײַנגעטראָטן אין דער ליטעראַטור אין 1923/1924 יאָר, ווי אַ פּאָעט, אַ ליריק, אַ קאָבזאַר פֿון פֿאָלקליד, פֿון פֿאָלק-מײַסע און איז צום איצטיקן טאָג געוואָרן דער פּאָעט פֿון קאַמף, דער פּאָעט פֿון בויונג.

אָבער דאָס, מיט וואָס ס'איז געקומען אין אונדזער ליטעראַטור פּאַווליוק טרוס, האָט אים שטענדיק ניט פֿאַרלאָזן. ער האָט שטענדיק געשפּילט אַף זײַן לירע, אין אוניסאָן מיט דער פֿאָלק-ליד און מיט דער פֿאָלק-מײַסע.

פּאַווליוק טרוס איז געבאָרן געוואָרן אין 1904 יאָר און שטאַמט פֿון אַן אָרעמער פּויע-רישער מישפּאָכע פֿון דאָרף ניזאָק, אוזדער ראַיאָן, מינסקער קרײַז. נאָך דעם, ווי ער האָט געענדיקט די 7-יאָריקע שול אין אוזדע, האָט ער זיך אַ יאָר צײַט ערגעץ ניט געלערנט. בײַס די פּאָליאַקן זײַנען אָפּגעטראָטן פֿון ווײַסרוסלאַנד, האָט מען אים אַ קליינינקן יאַטל, פֿאַרנומען מיטן פֿערד אין אָבאָז. ער איז דאָרט אָפּגעווען באַ 3 כאַדאָשים.

אין די זומערדיקע וואַקאַציעס, בײַטן לערנען זיך אין דער 7-יאָריקער שול אין דער דאָרפֿישער אָנפֿאַנג-שול, האָט פּאַווליוק געאַרבעט אין פֿעלד אין דעם טאַטנס ווירטשאַפֿט. געהאָדעוועט זיך צוזאַמען מיט די דאָרפֿישע קינדער. ווען ער האָט זיך נאָך געלערנט אין דער 7-יאָריקער שול, איז ער שטאַרק פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער פֿאָלק-שאַפֿונג. אין דאָרף האָט ער געזאַמלט און פֿאַרשריבן באַ עלטערע מענטשן די פֿאָלק-לידער, פֿאָלק-מײַסעס. אין דערזעלבער צײַט האָט ער אַסאַך געלייענט און אַפֿילע אָנגעהויבן צו שרײַבן.

2

אין 1923-טן יאָר איז פּאַווליוק טרוס אָנגעקומען אין מינסקער ווײַסרוסישן פּעדטעכני-קום. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז פֿאַרן אָנקומען אין פּעדטעכניקום, האָט ער געשריבן לידער, און דאָ אין פּעדטעכניקום האָט זיך דער יונגער פּאָעט מיט ברען גענומען פֿאַר דער שעפֿערישער אַרבעט.

אין יענער צײַט האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אַקשאָנעסדיק גענומען דורכפֿירן די ווײַסרוסיזירונג פֿון די אַנשטאַלטן. דער מינסקער ווײַסרוסישער פּעדטעכניקום האָט אין דערדאָזיקער אַרבעט פֿאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט. ער איז געווען דער ערשטער אין ווײַס-רוסיזירן אי זיך, אי אַנדערע, און פֿונדאַנען אָן שטאַמען די קוועלן פֿון דער יונגער ווײַס-רוסישער ליטעראַטור. דאָ האָבן זיך געלערנט די איצטיקע בעלאַפּאָוצעס: אַלעקסאַנדראָ-וויטש, כורסיק, אַקימאָוויטש און אַנד. דאָ איז אַלס לעקטאָר געווען דער איצטיקער פֿאָלק-פּאָעט פֿון רעפּובליק יאַקוב קאָלאַס.

דער ערשטער נאַציאָנאַלער כאָר, וועלכער האָט זיך געגרינדעט אין ווײַסרוסישן פעדטעכניקום, איז אין יענער צײַט געווען שטאַרק פּאָפּולער אין מינסק, ער האָט באַאַרבעט ווײַסרוסישע פאָלק-לידער.

דאָס אַלץ האָט געהאַט אַן אײַנפלוס אַף דעם יונגן טאַלאַנטירטן פּאָעט. ער הויבט אָן פיל צו שרײַבן, דרוקט זיך אין אונדזער פּעריאָדישער פּרעסע און זשורנאַלן. סאָף 23-טן י. און אָנהויב 24-טן יאָר דרוקט זיך פּאַווליוק טרוס אין „מאָלאָדניאַק“ און אַנד. זשורנאַלן, באַקאָנט זיך נאָענט מיט די דעמלטיקע מאָלאָדניאַקאָווצעס און אין 24-טן יאָר טרעט ער אַרײַן אין דער ליטעראַרישער אָרגאַניזאַציע „מאָלאָדניאַק“. אין דערזעלבער צײַט האָט ער אין ווײַסרוסישן פעדטעכניקום גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

אין 25-טן יאָר האָט פּאַווליוק טרוס אַרויסגעלאָזן זײַן ערשטן זאַמלביכל „לידער“. דערדאָזיקער זאַמל-בוך האָט פּאָפּולער געמאַכט דעם פּאָעט צווישן דער דאָרפישער יוגנט און דעם פויערטום. זײַן פּאָפּולערקײַט האָט נאָך מיטגעהאָלפן אויך דאָס, וואָס ער האָט אַסאַך פון זײַנע לידער געדרוקט אין דער פויערישער צײַטונג „בעלאָרוסקאַיאַ וויאָסקאַ“. שוין אין 1926/27 יאָר האָט פּאַווליוק טרוס דורך זײַן שאַפונג באַקומען אויסשליסלעכע ליבע צווישן די סטודענטן פון פעדטעכניקום. אויסער די לירישע לידער האָט ער צוזאַמען מיט פּיאָטר גלעבקען און אייניקע אַנדערע פּאָעטן, געגעבן אין דער מינדלעכער צײַטונג אַ רײַכן הומאָריסטישן מאַטעריאַל. די סטודענטן פון ווײַסרוסישן טעכניקום געדענקען זיי גוט אונטערן פּסעוודאָנים „דער שוסטער-קאָלעקטיוו“.

אין 27-טן יאָר האָט פּאַווליוק טרוס פאַרענדיקט דעם טעכניקום און איז אַוועקגעפאָרן אַף פּעדאַגאָגישער פּראַקטיק אין האָמעל. אין „פּאָלעסקער פּראַווּדאַ“ האָט ער געאַרבעט אַלס פאַרוואַלטער מיט דער ליטעראַרישער זײַטל. אין דערזעלבער צײַטונג האָט ער אָפּגעדרוקט זײַן לירישע פּאָעמע „רויטע רויזן“. ס'איז קענטיק, אַז אויך דאָ האָט ער אָנגעשריבן די ענדע פון דער פּאָעמע, וואָס האָט זיך ניט געדרוקט—„די יעסוימע אַלעסיע“, וועלכע דער פּאָעט האָט אָנגערופן „די בענקשאַפט פון ליבע“. ווי פריער, האָט טרוס אָנטיילגענומען אין די ליטעראַרישע אַרויסטרעטונגען און איז געפאָרן אין די דאָרפישע ראַיאָנען.

אין 1928 יאָר איז טרוס אָנגעקומען אַפן צווייטן קורס פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט פון ווײַסרוסישן מעלוכע-אוניווערסיטעט, גלײַכצײַטיק געאַרבעט אַף דער ראַדיאָ-סטאַנציע, דאָס געלט געשיקט די אָרעמע עלטערן. שוין אין מינסק, אין דעקאַבער 1928 יאָר, האָט ער אָנגעשריבן זײַן פּאָעמע „דער 10-טער גרונטשטיין“. אין יון 1929 יאר איז פּאַווליוק טרוס אַרויסגעפאָרן אין מאָלעווער קרײַז, קעדיי צו באַקאָנען זיך דאָרט מיטן לעבן פון די קאָל-ווירטן. געקומען פון דאָרט אַ מונטערער, אַ פריילעכער און אין עטלעכע טעג אַרום קראַנק געוואָרן אַף בויך-טיפוס, און דעם 30-טן אַווגוסט האָט אים דער טויט אַרויסגעריסן פון די רייען פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

## 3

די שאַפונג פון פּאַווליוק טרוס ווערט צונויפגעשטעלט פון 2 פּעריאָדן.

שוין אין 1925 יאָר, ווען ס'איז דערשינען זײַן ערשטער ביכל „לידער“, איז קענטיק געווען, אַז טרוס פאַרייניקט אין זײַן שאַפונג די רעאַליסטיש-ראָמאַנטישע וועלט-אויפפאַסונג מיט דער פאָלקסטימלעך-סימוואָלישער. אין די ערשטע קאַפּיטלען פון דעם זאַמלבוך „לידער“ נעמט אויף דער פּאָעט ברייט, עמאָציאָנעל, מיט דער פילבאַרער נעשאָמע פון אַ לירִיק, די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע, ער איז אין עקסטאַז פון רעוואָלוציאָנערן ניצאָכן, פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. דער פּעריאָד—איז פון 24-טן ביז 25-טן יאָר. אין דעם פּעריאָד, איז פאַר

דער שאַפונג פון פּאַווליוק טרוסן כאַראַקטעריסטיש די רעאַליסטישע אופאַסונג פון די לעבן-דערשיינונגען.

איינגאַנצן אַנדערש זיינען די איבעריקע ווערק אינם זעלבן זאַמלבוך. דער אַנאַליז פון דערדאָזיקער שאַפונג כאַראַקטעריזירט דעם שרייבער, ווי אַ סימבאָליקער. דידאָזיקע לידער ווייזן, אַז דער פּאָעט איז שטאַרק פאַרבונדן מיט דער פאָלק-מייסע, מיט דער פאָלק-ליד, אַז ער האָט אַ נייגונג צו דער סימבאָליש-מייסעדיקער אופאַסונג פון לעבן.

אָט דאָס זיינען די צוויי באַזיסן, אָדער די צוויי פּעריאָדן אין טרוס שאַפונג און צווישן זיי האָט זיך די גאַנצע צייט געפונען דער פּאָעט.

פּאַווליוק טרוס, וועלכער איז געקומען פון די פויערישע שיכטן, האָט געפילט אונטער זיך דעם פעסטן באָדן פון דער פאָלק-שאַפונג. ער איז פאַרכאַפּט געווען מיט דער רייכקייט פון איר פאָרם און האָט געהאַלטן, אַז דידאָזיקע פאָרם וועט זיין די בעסטע באַם אָפּשפּיגלען דאָס פויערישע לעבן.

אָבער מען דאַרף שטענדיק נעמען אין אַכט אויך דאָס, אַז דער צווייטער פּעריאָד אין טרוס שאַפונג פאַרנעמט אַ גרויסן אָרט באַם פּאָעט און האָט זיינע אידעאָלאָגישע אויסדרוקן. אויסער דעם, וואָס דער פּאָעט האָט געוואָלט באַנעמען דאָס פויערישע לעבן דורך דער פאָלק-שאַפונג, איז באַ אים שטענדיק געווען אַ שטרעבונג דורך דער פאָלק-סימבאָליק דערקענען דעם טאָך פון די גרויסע אָקטיאַבר-געשעענישן, פון דער גרויסער סאָציאַלער רעוואָלוציע און פון דער סאָציאַליסטישער בויונג. דאָס לעצטע טרעט באַזונדערס בולעט אַרויס אין זיינע לעצטע לידער „רויטע רויזן" און „דער 10-טער גרונטשטיין".

צי האָט דער פּאָעט דערגרייכט זיין ציל? קעדיי צו ענטפערן אַף דערדאָזיקע פראַגע, דאַרף מען קלאָר מאַכן יענע פּסיכאָ-אידעאָלאָגישע סטימולן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיטן פּאָעט אין זיינע פאָרמעלע זוכענישן אין דער פאָלק-שאַפונג.

אין דעם ערשטן זאַמלבוך „לידער", געפינען מיר דעם אָנהויב פון דער פּאָעמע: „די יעסוימע אַלעסיע". מיר ווען דאָ באַמערקן, אַז דעם געשטאַלט פון אַ יעסוימע קען מען ניט אָפּטיילן פון די ווייסרוסישע פאָלק-לידער און מייסעס. דאָס איז דער סימבאָל פון אַן עקספּלואַטירטער, פאַריאָגטער, שיינער און קלוגער מיידל. יעדער באַליידיקט די יעסוימע און האָט אַף איר קיין ראַכמאָנעס ניט. פּאַווליוק טרוס האָט אויסגענוצט דעמדאָזיקן סימבאָלישן בילד, קעדיי שילדערן די הייַנטיקע דאָרפישע מיידל.

אָט טאַקע אין דער פּאָעמע הויבט זיך אָן איבערברעכן אונדזער הייַנטצייטיקייט דורך דער פּריזמע פון פאָלקסטימלעכער סימבאָלישקייט, אין וועמעס געפענגעניש דער פּאָעט איז געווען ביז די ענדע פון זיינע טעג און וועגן וואָס מיר האָבן שוין געזאָגט אויבן.

די „שוואַרצכענעוודיקע" יעסוימע אַלעסיע וואַרט אַף אַלעסן דעם אַרבעטער.

די יעסוימע אַלעסיע איז אויסגעמאָלט באַ פּאַווליוק טרוסן אין סאַמע ליבע, סאַמע פאַרביקע און שיינע ווערטער:

Алеся, бедная Алеся,
Краса наднеманскіх дзяўчат,
Ты сінь вазёрнага Палесься
Адбіла ў сонечных вачах.

Адбіла чэрвеньскія зоры,
Смуглявасьць ціхіх вечароў,
І гнеў зажынкавага мора,—
І казкі дзіўныя палёў.

דאָ איז ניט נאָר אַ טיף עמאָציאָנעלע לירישקייט, דאָ איז אַ באַדייטנדיקער קינסטלעריש-באַנייטער בילד. די געוויינטלעכע בלאָע אויגן זיינען געוואָרן אַף אַזויפיל אָפּגעבליאַקעט, אַף אַזויפיל טראַפאַרעט אין דער ליטעראַטור, אַז אַ אָפּגעניצעוועטער בילד, אַז קיין

שום געפיל רופט ער שוין ניט ארויס באם לעזער. און דא האט די באנייונג פון בילד, אויסער דעם ווילן, געצוווּנגען צוציען די אופמערקזאמקייט. אזעלכע באדייטנדיקע בילדער, ארגאניש-דורכגעטראכטע, טיפע, זיינען בא פאווליוק טרוסן אסאך פאראן. ברענגען זיי אלע אין דעמדאזיקן ארטיקל איז אומעגלעך.

פאווליוק טרוס האט ניט נאר די וואכעדיקע דערשיינונגען פון לעבן איינגעפאסט אין פאלק-בילדער. אויך די סאציאלע דערשיינונגען האט ער געמאלט אין אזא אספעקט. אבער וועגן דעם וועלן מיר ריידן שפעטער. דערווייל וועלן מיר באמערקן, אז דידאזיקע סימבאליש-פאלקסטימלעכע דערקענטעניש פון די לעבנדערשיינונגען האט געהאט אף דער שאפונג פון פאעט א גרויסן איינפלוס.

А як устанеш рана-рана,
На вадзе вянкі завянуць.
Будзеш плакаць і журыцца,
Сьлёзы высушыць крыніца.
(„Ветры Буйныя“, ст. 71).

דאסזעלבע בא דער יעסוימע אלעסיע:

Як вяночкі плавалі на вадзе,
Выхадзіла дзеўчына паглядзець,
Выхадзіла дзеўчына паглядзець.
Ці ня едзе суджаны, ці ня йдзе.
Ой, ня едзе суджаны і ня йдзе.
Дзе-ж, красуня-дзеўчына, шчасьце дзе,
Ї пагасьлі водсьветы на вадзе.
(З нявыдрукаваных твораў).

די פארכאפטקייט מיט דער פאלק-שאפונג, וועלכע איז געווען בא פאווליוק טרוסן, האט אים זייער אפט אפגעצויגן פון אונדזער היינטציייטיקייט און אנגעוויזט זיין טיפער ליריק מיט שטילער, פאלקסטימלעכער, פיינער בענקשאפט.

אבער בא פאווליוקן טרוסן איז דידאזיקע בענקשאפט ניט קיין גרענעצלאזע. דאס איז די בענקשאפט, וואס ווערט געבארן אין דער טיפער פרייד פון לעבן.

Пазьбіраю я сьлёзы-расу,
Рассыплю ў песьні крышталі,—
Тады ўбачыш ты радасьць і сум,
Як жыцьцё у няспыненых хвалях.

ווייל דער פאעט פארשטייט זיין וועג:

Як ветры буйныя з-за гаю
Ў прасторах думы разьнясуць
Тады я ўсё, што ў сэрцы маю,
Аддам за жыцьце і красу!..
(„Ветры Буйныя“, ст. 5).

די בענקשאפט בא פאווליוק טרוסן שטאמט דעריקער פון דעם איינדרוק, וואס די נאטור מאכט אפן פאעט „עס פליען אין ווייטן וועג הינטער דוניי, דוניי גרא‍ע גענדז“—און ס'איז אומעטיק דעם פאעט. „עס וועלקן די בלעטער אף אזערעס בלא‍ע און ס'וועט ווינען דאס הארץ אין די ווינטן“, אבער דאן, ווען ס'וועלן צעבליען זיך „די טונקעלע סעדער“ וועלן שוין „די שטראמען פון פרייד פארגיסן דאס הארץ“.

דאָ איז שטאַרק פֿאַרבונדן דער פּאָעט מיט דער דאָרפֿישער סוויווע. ער זאָגט:

Бурлівым подыхам прадвесьня
Вы сны калышаце нізін.
Даўно я вас акорды-песьні
У зрэбнай радасьці насіў.
Яшчэ з маленства як ніколі
Мне матка зычыла сьпяваць,—
Калі трымала на прыполе
У сьпелай постаці жніва.
(„Ветры Буйныя“, ст. 55).

אָבער אַפֿילע אין פֿרייד, אין דאָרף, אין זיין סטיכיע, איז דער פּאָעט ניט געווען פֿריי פֿון די ביירע איינפֿלוסן: פֿונם אָקטיאַבר און פֿון דער יערושע פֿון די דוירעס. מיט וועלכן וועג גיין צו באַזינגען דאָס לעבן? צי מיטן וועג פֿון אַ זינגער שפּילן אַף דער לירע, וואָס האָט אים אין אַ זומערדיקן אָוונט געשענקט דער „זיידעניו דער ליריק“?

Табе дару сваю я ліру,
Ідзі дарогаю у сьвет,
На дне жыцьця, ў прадоньні жвіру.
Ты ўбачыш сьлёзы на траве.
(„Ветры Буйныя“, ст. 51).

צי מיטן וועג פֿון אַ וואַנדערן, אָט ווי יענע געגנדז זיך לאָזן אין דער וועלט „דער-וואַרעמען די מענטשן מיטן ליד“?

Дзе раджаюцца надзеі
У муках чалавечых
Я пайду, каб абагрэць іх
Песьняю адвечнай.
(„Дзесяты Падмурак“).

צי גיין אין דער וועלט מיט די אייגענע „שטעגן-וועגן“ זוכן „די קופּאַלע-בלימל פֿון גליק“?

אָבער דאָס איז נאָר איינער פֿון די צוויי וועגן. מען קען אָבער קומען אין לעבן ניט ווי אַ שטילער ליריק, נאָר ווי אַ בונטאַר, ווי אַ רעוואָלוציאָנער, מען קען גיין מיטן וועג פֿון אופֿשטענדלער יאקים.

4

אין דעם זאַמל-ביכל „ליזער“ וועגט אַריבער די בונטאַרישקייט.

Чую песьні стыхіі-разводзьдзя,
Ня стрымаць твае вольнае плыні!
Упусьціла старое паводзьдзе,—
Калі вір маладога нахлынуў.
(Вершы, ст. 5).

אינם דאָזיקן זאַמלבוך זינגט פּאַוולּיוּק טרוס פֿון דעם "שטורעם" פֿון דעם „ווי דער פּאָעט קעמפֿט דרייסט און איז פֿול מיט ביטאָכן, אַז ער וועט באַגעגענען דאָס לעבן אַ פֿרייען אַ נייעם“.

ס'איז שווער אַפֿילע אין אַזוינע לידער, ווי „נאָכן שטורעם“, „דער יונגער קעמפֿער“, „דער אָסטראָזשניק“ דערקענען דעם ליריק. דאָס איז אַ מענטש, וועמעס זאַך איז די סטיכישקייט פֿון אופֿשטאַנד.

דער פּאָעט טרעט דאָ אַרויס פֿול מיט קאָמיוגישן ברען, מיט ציל-אָנגעווענדקייט. אָט ווי ער דערמאָנט דעם קאָמיוגיסט דעם אופֿשטענדלער יאקים:

Ён памёр...
Расстралялі Якіма.
Цёмны лес зашумеў галасьней.
Але справа магутнага КІМ'у
Не памрэ, будзе вечна квітнець!..
Ой, ня раз Беларусі абшары
Чырванелі крывавай расой.

Буду помніць яго—комунара,
Буду помніць паўстанца лясоў.
І вянок з кіпарысаў Варшавы
Прынясу на магілу байца.
Ой, пракоцяцца новаю славай
Яго справы, што я заляйцаў.
(Вершы, ст. 20).

ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דערדאָזיקער בונטאַרישער פּעריאָד אין פּאַווליוקס שאַפֿונג ווערט באַצייכנט מיט דער עפּישקייט פֿון דער ליד, מיט דער פֿאבל און אינהאַלט.

דאָ ווערט דערציילט וועגן דעם, „ווי עס האָבן זיך געקייקלט די אָפּקלאַנגען פֿון האַר-מאַטן אַפֿן ברוסט פֿון דעם זילבערנעם נעמאַן", ווי „ווייסרוסלאַנד האָט פֿאַרבונדן אירע וווּנדן", ווי „ווייסרוסלאַנד האָבן אַרומגערינגלט סרייפּעס", ווי „דער יונג יאנקאָ איז מיט מוט אַוועק צו די פּאַרטיזאַנעס", ווי „די יונגע קושעראַווע קאָמיוגיסטן שטעלן די וועלט אַף די קני" דאָס איז אַלץ דער פֿייערדיקער בונטאַרישער געזאַנג פֿון דער רעוואָלוציע.

אָט אַזאַ פֿרישער, מונטערער איז געקומען פּאַווליוק טרוס מיט זיין ערשטן ביכל „לידער".

## 5

דאָס צווייטע זאַמלבוך „ווינטן שטורמישע" (1927 י.) איז כאַראַקטעריסטיש מיט פֿילאָ-זאָפֿיש-פֿאָלקסטימלעכער סימבאָליק. דאָ ווערן פֿאַרגעוזעצט יענע קינסטלערישע לירישע עלע-מענטן, וועלכע דער פּאָעט האָט אויסגענוצט טיילווייז אין דעם ערשטן זאַמלבוך. דאָס זיינען דיזעלבע „גענדז" די בלימל פֿון גליק" א.אַ.וו.

אָבער אין דעם זאַמלבוך איז דאָ באַ דעם פּאָעט געגעבן געוואָרן שטורעם אין קעגנ-זאַץ צו דער שטילער לירישקייט.

Прайду шляхі, шляхі ў завеях
І сьцежкі кветкамі спаўю!..
Хай ветры буйныя разьвеюць
У песьнях моладасьць маю.
(„Ветры буйныя", ст. 95).

אָבער דידאָזיקע שטורעמס זיינען נאָר אַן עכאָ פֿון אופֿשטאַנד, קלאַנגען פֿון ביכל „לידער".

אין „ווינטן שטורמישע" פֿילט זיך ווידער דאָס דאָרף. דער פּאָעט ווערט פֿאַרכאַפּט פֿון די לידער פֿון די נאַכט-וועכטער, פֿון שניט, פֿון דער ליבער מיידל, וואָס וועבט באַם שיין פֿון אַ קינעלע:

Узыйдзе месяц над курганам
У вянкох прыгожасьці і чар
І ўзорам тонкім, даматканым
Засьцеле ў просіні абжар.

אָדער:

Люблю жнівo!..
Прастор шырокі,
Дзе ў межах
Шэпчуць каласы...
Дзе сьпевы коцяцца далёка
На ўзмор'е гордае красы!..
(„Ветры буйныя", ст. 35).

אָבער ס'זײַנען דאָ אינגאַנצן רעאַלע געמעלן פֿון דעם, וואָס ס'טוט זיך אַפֿן פֿעלד:

Пад рогат-сьмех
Задорна-малады,
На ўзмахі вёсел
Коціцца жняярка.
(„Ветры буйныя", ст. 38).

אין זײַן לעצטן ביכל „לידער", האָט זיך פּאַוולױק טרוס געזעגנט מיט דער מאַמען אַ מונטערער, מיט אַ נעשאָמע, פֿול מיט זון און איז אַוועק זוכן דידאָזיקע בלימל פֿון פֿרייד „ניט ווײסנדיק ווי געפֿינט מען זי".

אָבער זוכן דידאָזיקע ראָמאַנטישע בלימל איז אים אויסגעקומען ניט לאַנג. ער האָט זי געפֿונען גאָר ניט ווײַט. ער האָט זי באַגעגנט דאַן, ווען ער האָט זיך באַגריסט מיט דער שטאָט. ער האָט זי באַגעגנט אין די לידער פֿון מעכטיקן אָסינבוי.

6

כאָטש נאָכן זאַמלביכל „לידער" איז בײַ פּאַוולױק טרוסן געווען אַ באַדײַטנדיקער קער צו דער פֿאָלק-שאַפֿונג, אָבער זײַן בונטאַרישקײַט האָט געלעבט אין אים ביז דער לעצטער שאָ. וועלכן וועג פֿון די צוויי האָט אויסגעקליבן דער פּאָעט?

אין דער פּאָעמע „דער 10-טער גרונטשטיין" האָט פּאַוולױק קינסטלעריש סינטעזירט 2 קאָנטראַסט-וועגן אין זײַן שאַפֿן.

זײַן בלאָנדזשען, דאָס זוכן דאָס „קופּאַלע-בלימל", זוכן די קווינטעסענץ, די דאָמענאַנטע פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן האָט געבראַכט פּאַוולױק טרוסן צו „דער זאַפֿטיקײַט פֿון יונגע שפּראָצונגען", צו די שטורמישע ראַכוועסן פֿון שטאָט.

און דאָרט, ווו דער פּאָעט האָט זיך צום ערשטן מאָל באַגריסט מיט דער שטאָט:

— Добры дзень, шумлівыя прасторы,
Добры дзень, сталіца харaства!..
Скора ў бляску вечара, ой, скора
Празьвініць на вуліцах трамвай.
(„Дзесяты Падмурак").

דאָרט, ווו דער פּאָעט, איינצײַטיק אַ צאַרטער ליריקער, אַ קאָבזאַר און אַ בונטאַר, האָט מיט דעם שעפֿערישן קויעך פֿון אַ קינסטלער געגומען איבערשאַפֿן „דאָס לאַנד פֿון לעגענדעס פֿון צלאָמים, פֿון קוואָרים, קורגאַנעס", דאָס לאַנד פֿון אומעט, דער באַלזאַם פֿון לעבעדיקע קוואַלן", אין אַ לאַנד פֿון פֿאַבריקן רויכיקע און מאַשינעס,—אָט דאָרט געפֿינען מיר דעם אָנהויב פֿון דער פּראָלעטאַרישער שאַפֿונג בײַ פּאַוולױק טרוסן.

דאָרט, ווו דער פּאָעט האָט ענדגילטיק פֿאַרשטאַנען, אַז ניט אייביק איז „דער זומפּ פֿון די ווײַסרוסישע בלאָטעס", וואָס זײַנען אַרומגערינגלט מיט מײַסעס און לעגענדעס, וואָס

זיינען באַוונגען אין אומעטיקע לידער, אַז ניט אייביק וועט ווײַסרוסלאַנד פאַרבלײַבן אַ לאַנד „פון טאָלן און אָזערעס“, אַז דאָס לאַנד פון „שלעפערדיקער כמאַרע“ קען מען פאַרוואַנדלען אין אַ לאַנד פון „גיגאַנטן מויערן“.

אין דער פאָעמע „דער 10-טער גרונטשטיין“, האָט פאַווליוק טרוס אין פאָלקסטימלעכע בילדער געגעבן דעם גאַנצן באַפרײַונג-וועג פון ווײַסרוסלאַנד, די גאַנצע איבערלעבונג פון די פײַערדיקע טעג פון בירגער-קריג און אָקופּאַציע.

גלײַכצײַטיק מיט דעם, האָט פאַווליוק טרוס איבערגעכאַזערט זײַן שעפערישן וועג. אין דער פאָעמע קען מען גרינטלעך נאָכשפּירן די שעפערישע זוכענישן פון פאָעט.

פאַווליוק טרוס הויבט אָן פון יענער צײַט, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל, ווי אַ ליריק, אַ קאָבזאַר געקומען זוכן זיין וועג און איז אַוועק אין דער וועלט „דערוואַרעמען די מענטשן מיט אַ אייביקער ליכט“.

אין דער פאָעמע איז דורכן פאָלקסטימלעכן געשטאַלט פון אַ מיידל אַ געפאַנגענער אויסגעדריקט דאָס פאַרקנעכטיקטע ווײַסרוסלאַנד:

— Веюць ветры,
Веюць буйны—
Долу гнуцца клёны...
Цяжка дзеўчыне,
Ой, цяжка,
У чужым палоне.

דער פאָעט געפינט שוין אַנדערע ווערטער, ווען ער רעדט וועגן דעם לאַנד, „ווו מיט אַרבעט זײַנען פאַרנומען די מוליאַרעס“, דאָס לאַנד, וועלכע בליט פאַנאַנדער אין רויטע באַגינענס“.

І тады я стану пад гарою...
Каб пазбыцца смутку і журбы,
Буду слухаць песьні Асінстрою
Захаплюся музыкай турбін!

דאָ איז אַ וווּנדערלעכער קוויל פון פאָלקסטימלעכער לירישקײַט אין בויונג-פּראָצעסן. דאָ איז דער סינטעז פון דער צאַרטער ליריק מיט דעם פּראָלעטאַרישן באַוווסטזײַן. מיט וואָס פאַר אַ זיכערקײַט ס'קלינגען די ווערטער און דער רוף צו די ברידער פון מײַרעוו-ווײַסרוסלאַנד:

— Арлы маладыя—
Няволі сыны,
Узьнімайце халодныя крыльлі!
Хоць рукі закованы
У сталь-кайданы,—
А сілу рыхтуйце вы сіле!

אָט דאָס זײַנען אַלע אייגנשאַפטן, וועלכע ס'פאַרמאָגט „דער צענטער גרונטשטיין“, וואָס איז אַ דענקמאָל פאַר אונדזערע שטורמישע טעג.

דער „10-טער גרונטשטיין“ איז געווען דער לעצטער און דאָס סאַמע באַדײַטנדיקע ווערק פון פאַווליוק טרוס.

דעם 30-טן אויגוסט האָט דער טויט אַרויסגעריסן פון די רייען פון דער ווײַסרוסישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, איינעם פון אירע גרעסטע טאַלאַנטן.

דעם גרויסן מאַרש, וואָס דער פּאָעט האָט אָנגעהויבן, איז ניט פאַרענדיקט. זיין מעכטיקע שטים, וועלכע האָט געגומען באַזינגען אונדזער בויונג, האָט זיך איבערגעריסן אַף די העכסטע טענער.

דער פּאָעט האָט גערופן און האָט געוואַרט.

Край палёў...
О, край,
Калі-ж ты станеш
Краем фабрык дымных
І машын.

דערפאַר איז אַזוי ווייטיקדיק דער פאַרלוסט.

דער פּאָעט איז די גאַנצע צייט געווען אין וועג און האָט געכאָלעמט, ווען ס'וועט קומען דער פרילינג אין לעבן, וועט ער:

...Як вернуцца з чужыны
Госьці лета—гусі,—
Тады з цяжкага блуканьня
З імі й я вярнуся.

געשטאָרבן פאַווליוק טרוס.

ניטאָ דער גרויסער ווייסרוסישער ליריק.

ניטאָ דער, וועד ס'האָט געכאָלעמט צו דערהערן דאָס ליד פון אָסינבוי...

ק. בעזנאָסיִק.

# אַ וויִכטיִק און איִנטערעסאַנט בוך.

## ה. אָרלאַנד—„הרעבליעס". ביִבליִאָטעק „ייִדיִשע שרײַבער".

(נאָטיִצן פון אַ לייענער).

„מיִט וויִלדקײַט, מיִט רויע צײַטן האָט אַן אָטעם געטאָן אַפן הויכן צעפּאַטלטן באָכער, וואָס איִז געשטאַנען איִן וועגעלע מיט אַן אָפן מויל און מיִט בויערנדיִקע נייגעריִקע אויגן... פּאָלעסיע ברומט באַנאַכט".

און אָטאָ די פּאָליעסיע, ווו „זיידעס און עלטער-זיידעס האָבן זיִך איִן בלאָטעס געטרונקען", דאַרף דער יונגער אינזשענער גאָרן, דער „צעפּאַטלטער באָכער", אויסטריִקענען און פאַרוואַנדלען דיִ זומפן איִרע אין נײַע זוי-פעלדער און היי-שניִט. ניִט קיין קלייניִקײַט! ניִט פון דיִ לײַכטע איניאָנים!

פריער האָט מען וועגן דעם ניט געטראַכט, אַמאָל האָט מען ניט געזאָרגט זיִך וועגן דעם פּאָלישוק, אַמאָל—האָט מען נאָר געקאָנט זען, ווי „פריציִם האָבן וואָליִן געפּאַסעוועט און געטרייבערט פּאָלעסיע די געדעריִם", וויִ „פּאָלעסיע גייט אָפּ מיִט בלוט און מיִט ליִדער, מיט וויִלדע געהוילן נאָך צעטראָטענע כוטערס און געפאַנגענע מיידלעך, פּאָלעסיע נעכטיִקט באַ זומפן און נערט זיִך מיִט בערעסט". מע האָט געקאָנט זען, וויִ „זיידעס האָט מען געקוילעט איִן לאַנגאָניִקע מעריִדעס"...

בײַטן זיִך צײַטן. אַ רעוואָלוציע. אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע. באַלעבאַטים פון לאַנד—אַרבעטער און האָרעפּאַשנע פויעריִם. און נאָך ניט דאָס אַליין—זומפן דאַרפן אויסגעטריִקנט ווערן, דאַרפן פאַרוואַנדלט ווערן איִן דיִ בעסטע זריע-פעלדער. פּאָליִשוקעס (אונטער דער אָנפיִרונג פון דיִ אַרבעטער) דאַרפן ניִט נאָר זיִך אַליין אָנזעטיִקן, נאָר אויך די אַרבעטער מיִט „ברויט און מילך" באַזאָרגן. מוזן דעמלט דיִ זומפן אויסגעטריִקנט ווערן! דאָס איִז אַ פּראָגראַם, דאָס מוז מען אויספיִלן! דאָס איז דער וועג פון סאָציאַליִסטיִשן בויען!

* * *

האָבן זיִך שטעטלעך (קאָראָסטען, באַזאַר און צענדליִקער אַנדערע) געוואַלגערט אַף באַראָט, אָנגעזעצט מיט ייִדן, וואָס האָבן פאַרבראַכט „יאָרן באַ שווערער פּראַצע פאַר אַ טרוקן שטיִכל ברויט... און... האָבן קיינמאָל ניט געוויִליעט פון קײַן אַרבעט"... און... ייִדן, וואָס האָבן גלאָט ניט וווהין צו וואַרפן זיִך. דאַרף דיִזעלביִקע סאָציאַלע רעוואָלוציע, די סאָציאַליסטישע איִבערבויונג פיִרן דאָס שטעטל אַף אַן אַנדערן וועג: ווײַטער—אַ פּראָגראַם! דאָס מוז מען ווײַטער אויספיִלן!

* * *

פון דיִ געבראַכטע צוויי עלעמענטן בויט אָרלאַנד זײַנע „הרעבליעס".

„הרעבליעס"—דאָס איִז דאָס ערשטע ווערק, מיִט וועלכן ה. אָרלאַנד איִז אַרײַנגעטראָטן אין דער סאָוועטיִשער ייִדישער ליטעראַטור. און גלײַך—אַ גרויסע לײַוונט. און גלײַך—אַן אויסגעטראָגן ווערק. גלײַך—אָפּגערופן זיִך אַף אַן אַקטועלער טאָג-פראַגע: פּאָלעסיע דאַרף זיִך איבערבויען. דאָס ייִדיִשע שטעטל דאַרף זיִך איִבערבויען.ביידע דערשײַנונגען

זײַנען אַ רעזולטאַט פֿון איין פּראָצעס—פֿון איבערבויען דאָס לעבן פֿון גאַנצן סאָוועטן-
פֿאַרבאַנד אַף סאָציאַליסטישע יעסוידעס. מע קען ניט ריידן וועגן ביידע זאַכן איזאָלירט.
און אָרלאַנד פֿירט זײַן שטעטל אָדער שטעטלעך אַפֿן נײַעם שליאַך דורכן איבערבויען די
פּאָלעסישעווירטשאַפֿט, דורך מעליאָרירן די זומפּן.

דער וועג אָרלאַנדס איז אַ ריכטיקער, דער איינציקער—נאָר דורכן אַלגעמיינעם איבער-
בויען וועט דאָס שטעטל קענען באַקומען איר טיקן.

לאָזט זיך אַ שטעטל אין וועג אַרײַן (ניט פֿון קאַסרילעווקע קײַן אָדעס צו- האַנדלען
מיט „לאָנדאָן“). מע גייט קאנאלן גראָבן אַף די פּאָלעסישע זומפּן, מאַזאָליען הענט, ברויט
מיט מוסקולן פֿאַרדינען, אַ כיילעק ערד געניסן פֿון די אויסגעטריקנטע בלאָטעס, מיט דער
שפּײַזנדיקער ערד באַהעפֿטן זיך, בויען דאָס נײַע.

און סאַראַ געזונטקײַט! ניט נאָר קומען זעצן זיך אַף גרייטע ערדן, נאָר בעפויעל-מאַמעש
צוגרייטן פֿאַר זיך אַליין דאָס שטיקל ערד. טײַער מוז זי ווערן, די ערד, וואָס גרייט זיך
צו מיט אייגענע הענט. דורך קאַנאַוועס גראָבן, דורך פֿריערדיקן באַהעפֿטן זיך מיטן פּאָלי-
שוק באַ געמיינזאַמער אַרבעט און אופֿטו, דורך סטאַרען זיך אויסגראָבן אַ גרעסערן
שעטעך, דורך אויסבילדן אַ פֿאַרלאַנג צו ניטאָפּשטיין פֿון די ניטיידישע געשעמטע טשער-
נאָבילער ערד-גראָבערס. און דאָס געראָט.

אָרלאַנד אידעאַליזירט ניט די לאַגע: הונגער און נויט, דאַרשט נאָך אַרבעט טרײַבט אַף
די בלאָטעס. ניט אַלע האָבן נאָך די זכיע צו אַרײַנפֿאַלן אין אַרבעטער-קאָן. דער אינזשי-
נער גאָרן ווייס, אַז „מעליאָראַטיווע אַרבעטן זײַנען ניט קײַן סטראַכיר-אַנשטאַלט“.

צו דער אַרבעט גייען אַלע, אָבער ניט מיט גלײַכע קאַוואָנעס—איינער טאַקע אַרבעטן,
דער צווייטער—מיט „קאָמבינאַציעס“. דאָס זײַנען די באַזאַרער „מעיוכאָסים“, שניט-קרעמער,
מענטשן מיט „יעדיעס אין געהילך“. דינען זיי טאַקע אַלס מוסטער פֿון דעזאָרגאַניזאַציע.

פֿאַרשיידן זײַנען די טײַנעס באַם וועלן אָנקומען אַף דער אַרבעט: איינער—„מיר האָבן
קיינמאָל זיך ניט געוויליעט פֿון קײַן אַרבעט“; אַ צווייטער—„אַליין בין איך אַ שניט-קרע-
מער געווען—איז שוין, דאַכט זיך, אַ גוטער ווייטיק, אַז איך דאַרף זיך בעטן אַף אַרבעט“.

רער שרײַבער האָט ניט פֿאַרטויעט די שוועריקײַטן, וואָס שטייען באַם פּראָדוקטיוויזירן
דאָס יידישע שטעטל, ניט אַזוי לײַכט אַסימילירט מען זיך נאָך. אָט איז אַ פֿרייד, וואָס מע
איז פּאָטער געוואָרן פֿון פֿינינספּעקטאָר (אַן אָפּטער גאַסט אין דער יידישער ליטעראַטור!)
און אָט „פֿאַרשוואַרצט אַלעמען די אויגן“ וואָוזע כאָם, דער געוועזענער קאַצעוו, בײַס ער
כאַפּט זיך אַרויס אין אַ רעגנדיקן טאָג קויפֿן באַ יאַראָמיכען אַ טעליצע. עמעס, וואָווע איז
דאָרטן שוין אין קלעם, מע באַפֿאַלט אים ווי די היישעריקן, פֿאַר אַזאַ שטיקל „מעלאָכע“
און ער קערט זיך אום אומיאָנקיפּער צוריק צו די קאַנאַלן.

פּאָלעסיע האָט צו טאָן מיט מאַליאַריע. שטייען עס אויך אויס די אַרבעטער. די שטאַר-
קערע, וואָס פֿאַרשטייען שוין, צו וואָס זיי זײַנען געקומען באַקעמפֿן די שוועריקײַטן,
האַלטן אויס. מיט נאָך „אַ פּראָשעק כינע“, מיט פוכירעס אַף די הענט און—ווײַטער!

„דעם ערשטן טאָג אַרבעט אַפֿן קאַנאַל זײַנען קריסן געוואָרן ווײַסע פוכירעס אַף די
דלאָניעס (ער האָט זיך פֿאַרגאַנוועט פֿון פֿרעמדע אויגן און געבלאָזן אַף די פּריענדיקע
דלאָניעס און באַשיט זיי מיט ערד). דעם דריטן טאָג האָבן די פוכירעס געפּלאַצט און ס'איז
אויסגערונען ווײַסלעך-געדיכטע וואַסער, די נאַסע הענט האָבן זיך געקלעפּט צום הילצערן
הענטל פֿון לאָפּעטע און געשמאַרצט, ווי אָפּגעבריטע, קריס האָט זיך ניט אונטערגעגעבן.
ער האָט געאַרבעט ווי אַ גלאָק פֿון פֿאַרטאָג אָן און מיט קײַן לאָפּעטע-שטאָך ניט אָפּגע-
שטאַנען פֿון זײַן „פּאָר“.

עמעס, צו גיך ווערן באַ אָרלאַנדן די באַזאַרער „מעיוכאָסים“ פֿאַר „באַלטשוועס“.
ניט נאַטירלעך גיך.

נײַע באַדינגונגען שאַפֿן נײַע באַגריפֿן: פּראָפֿאַריין, שטיק-אַרבעט, באַפֿולמעכטיקטער,

ספּעצמאַלבושים, קאָלאָפּמאַך, אָפּרו א. ד. ג.—דאָס איז שוין אַ געוויינטלעכע „איוורע”. עס ווערט אַן אייַנשטעלונג, אַ ציל. פאָרויס שטייען שוין צוויי קאָנקרעטע וועגן—פאַבריק און ערד. גייען טאָקע אַיועק אין רעזולטאַט 60 יוגנטלעכע אַף דער פאַרפאָר-פאַבריק, די עלטערע—באַקומען 194 דעסיאַטין, שאַפן אַן ערד-קאָלעקטיוו. פירן דורך די יידן אַף די פאָלישוקישע פעלדער „וויַזערלעך” צום הויפּט-קאַנאַל, גיבן דערפאַר פאָלישוקעס זעקס פאָר אָקסן אַף צו אופאַקערן די יידישע 194 דעסיאַטין. אַן אַלגעמיינע שפראַך, אַלגעמיינע אינטערעסן. מע מוז דאָך אַזוי: „איצט ווערן מיר דאָך עמעסע פאָלישוקעס”.

דער הויפּט-פערסאָנאַזש איז דער אינזשענער גאָרן, נאָר-וואָס די הויכשול פאַרענדיקט, אַ יונגער ספּעציאַליסט. גייט ער צו דער אַרבעט מיט מוירע און גלויבן, ציטער און אַכרייַעס. אַף גאָרענען קענען ניט ווירקן די נודנע ביוראָקראַטן פון קאָראָסטענער „זו” (Земельноé управление), וואָס סטראַשען אים מיט סמעטעס, שווים-באָדן און מעגלעכקייַט צו פאַטערן די קאַריערע (דאָס איינציקע, וואָס דעם ביוראָקראַט כאָלעמט זיך) באַ אַזאַ ניטזיכערן שטיקל אַרבעט. מיט גאָרענען גייט אַ באַצוועקונג, אַן אידייע, אַז „פון איין זומער אַרבעט וועלן פינף טויזנט דעסיאַטין לאָנקע צוקומען. פון דער לאָנקע וועט שפּעטער פעלד ווערן. ווייַך, גאָלדענע סאָרט-ווייַץ, וועט זיך כוואַליען דאָרטן, ווו איצטער שטעקן קראָן-קריגעלעך זייערע קעסעלעך פונם וואסער אַרויס, ווו ווילדע גענדז דרייען זיך אינדערלופטן און קוקן אויס פרעש...”

באַ אַזאַ אייַנשטעלונג פון דעם סאָוועטיש-איבערגעגעבענעם ספּעציאַליסט מוז אַלץ געראָטן. זאָגן טאָקע זיינע אַרבעטער: „מיט אַזאַ אינזשענער וועסטו ניט פאַרפאַלן ווערן”. אויב באַ גאָרענען קומען אָן ווען ס׳ניט איז ספּייקעס, איז עס נאָר אַזאַ מין ספּייקעס וואָס טרעפן באַ יעדער זיכערסטער אַרבעט אַפילע, אלס רעזולטאַט פון שווערע מינוטן, נאָר וואָס גייען באַלד פאַרביי. וואָרעם באַלד פילט ער, גאָרן, אַז ער מוז זיגן. „די אַרבעט שטויסט, פאַרכלינעט... וויפל מאָל אין די פאַרטאָגן, אַז ער גייט צו דער אַרבעט, פילט ער, גאָרן, אַז פאָלעסיע הוידעט אים אונטער די פיס, אַז פאָלעסיע ריטשעט און ציט אַף זיך אַ נייַעם געביין”.

אין גאָרענען איז פאַרקערפּערט געוואָרן דער איבערגעגעבענער סאָוועטישער ספּעציאַליסט, וואָס גייט האַנט באַ האַנט מיט דער סאָציאַליסטישער בויונג.

אין דער צאַפּלדיקער טעמע איז אויך ניט פאַרגעסן דער שטערער, דער שעדיקער, דער פאַרביסענער סוינע פון דער רעוואָלוציע. ניאַכע דער מילנער איז אַ סוינע, ווייַל ער איז אַ קולאַק, אַן אַרענדאַר פון מיל, ווייַל ער האָט פריער „געשונדן די הויט באַ די פאָלישוקעס” פאַרן מאָלן. און איצט האָט זיך גאָרן, דער באַפולמעכטיקטער פון דער סאָוועטן-מאַכט, דערלויבט צו אַראָפּטראָגן דאָס מילכל, וואָס האָט פאַרטרונקען די פאָלישוקישע פעלדער, וואָס האָט געשטערט דער אַרבעט.

מיטן טאָלעס און טפילן אין האַנט, מיט גאָט אַף די ליפּן גרייט ער פאַרשיידענע אופשטאַנדן צווישן די אַרבעטער, גרייט אַן אָנפאַל אַף גאָרענען. ניאַכע שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיינע מיטלען, ער נוצט אויס אַלעמען, גאָדלען, דעם געוועזענעם מעלאַמעד זייַנעם, וואָס האָט זיך צופעליק אַרייַנגעכאַפּט צו די אַרבעטער, מארקאַן, דאָס פאָלעסישע מיידל, וואָס פילט איגסטינקטיוו, אַז גאָרן דאַרף אויסלייזן די כוטערס פון הונגער און קרענק, נאָר פאַלט אונטער צייַטווייַליק אונטער ניאַכעס האַשפּאָע. ער שטעלט זיך ניט אָפּ אַפילע פאַר אַן אַנטיסעמיטישן פאָגראָמשטשיק.

זייַן ציל דערגרייכט ער אָבער ניט. און דערגרייכט ער ניט, איז אויך אַ מיטל באַקומען ערד מיט די האָרעפאַשנע יידן, קעדיי דערנאָך איבערגעבן עס אין אַרענדע. נאָר אויך דאָס געראָט אים ניט.

דאָך איז ניאַכע ניט גענוג פאַנאַנדערגעוויקלט. אין ווערק באַקומט זיך ניאַכע אַ בייַזאַך, כאָטש ער שפּילט און דאַרף שפּילן אַ צענטראַלע ראָל.

* * *

נעפּלהאַפּטיִק באַקומט זיך די ראָל פֿון די צוויי פֿרויען-פּערסאָנאַזשן—מאַרקאַן און בוזין (שוין, באַרעכאַשעס, אַ „קאַזיאָנער" נאָמען געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור, בייס מע דאַרף איבערגעבן פֿרויען-צאַרטקייט). אויב די ערשטע, מאַרקאַ, קען נאָך מיט זיך סימוואָליזירן דעם אינערלעכן גערעַנגל פֿון פּאָלישוק באַם אויסקלייבן—ניאַכע אָדער גאָרן און... סע בלייבט—גאָרן, איז די צווייטע צום געדאַנקען-גאַנג פֿון דער האַנדלונג ניט נויטיק. זאָל מען זאָגן, דאָ שטעלט זיך קעגן דאָס שטאָטישעס און דאָרפישעס? ניט דערוויזן. צופיל אָרט פאַרנעמט אין ווערק די ערשטע. ניט קלאָר די צווייטע. באַדאַרפט עפּעס זיין, נאָר...

צי וואָס איז אַף יעדן טריט דאָס „ליובקען" זיך פֿון גאָרענען מיט מאַרקאַן? זאָל עס זיין באַרעכטיקט דערמיט, וואָס „песня без девки не бывает"? אויב אַ „ליבע", דאַרף עס זיין אַן אָרגאַנישער טייל פֿונם ווערק, דאַרף עס זיין געבונדן מיטן גאַנצן געדאַנקען-גאַנג פֿון ווערק. דאָ באַקומט זיך עס ניט. עמעס, מאַרקאַ באַקומט זיך שטאַרק, בלוטפֿול, רייצנדיק, אָבער... ניט אַזאַ אָרט דאַרף זי פאַרנעמען, ווייל איר ראָל איז אַ ביי-ראָל (באַקומט זיך פֿון ווערק אַזוי). סיידן זאָל עס זיין צוליב „שפּאַנונג"? נישט קעדיי אין אַזאַ ווערטפֿולן ווערק צו פאַרקערפּערן די „שפּאַנונג" אין עראָטיק (עמעס ניט ביליקע).

מע דאַרף זאָגן, אַז פאַרן שרייבער איז דאָ געשטאַנען די פֿראַגע פֿון געשפּאַנטקייט. וויניק דינאַמיק אַרום די קאַנאַלן—דאָס איז נישט קיין פאַבריק. אָבער דינאַמיזירן דעמזעלביקן מאַטעריאַל איז דאָך ניט אָפּגעפֿרעגט. דאָס איז שוין די פֿראַגע פֿון אויסגעפֿינען די פאַסיקע מיטלען, קינסטלעריש באַרעכטיקטע.

* * *

בכלל איז די פֿראַגע מיט די פּערסאָנאַזשן ניט געלייזט אין דעם ווערק. אַפילו גאָרן איז ניט דערהויבן געוואָרן צו אַ קינסטלערישער פאַראַלגעמיינערונג. און, דאַכט זיך, אָט-אָט, נאָך איין האָר און פאַרטיק... און... ס'איז ניט פאַרטיק געוואָרן. און סע פֿעלט. ניט דערטאַפּט גאָרנס אינעווייניק, אַז ער זאָל בלייבן שטיין דויערנדיק. צו פלאַך.

אַ „צאַר" מאַמעש איז אַף דעם קאָמיוניסט אַוורוצקין. אַזוי אַקטועל נויטיק געווען צו דערפֿירן אים ביז עפּעס אַ „זאַך". אַוורוצקי בעט זיך מע זאָל אים ווייטער פֿירן. און ניט דערפֿירט. אַוורוצקי האָט באַדאַרפט באַקומען זיך דער העלד, וואָס דאָס לעבן האָט אַליין אַרויסגערוקט, און ניט באַקומען זיך.

דאָסזעלביקע איז אויך וועגן ניאַכען—אַ דאַנקבאַרע פיגור, נאָר ניט קיין פאַרענדיקטע.

דער כיסאָרן באַשטייט אין דעם, וואָס די הויפּט-העלדן זיינען געגעבן געוואָרן אַלס אומגאַנג-מענטשן און ניט דערפֿירט ביז קיין פּראָבלעמען. די גאַנצע האַנדלונג איז ביז קיין פּראָבלעם ניט דערפֿירט, און געהאַלטן האָט עס דערביי, נאָר „עפּעס" האָט צעשטערט.

ה. אָרלאַנד האָט אָנגעמערקט, פאַרטיפֿט אייניקע אינטערעסאַנטע געשטאַלטן. אין זיינע קומענדיקע ווערק וועט ער זיי באַשטימט פאַרענדיקן און דערהויבן. מעגלעכקייטן זיינען בעוויס פאַראַן.

* * *

אין אַלגעמיין איז דאָס גאַנצע ווערק סטאַטיש. ניט גענוג האַנדלונג. איבערגעלאָדן מיט נאַטור-בילדער.

דערפֿאַר איז אָבער די נאַטור פאַר זיך פאַרכאַפּנדיק. דאַכט זיך בלאָטעס, זומפּן, ווילדקייט און פֿוילקייט און איר פאַרמאָגט די שענסטע בילדער. מע דאַרף גוט קאָנען, שטאַרק ליב האָבן די נאַטור, קעדיי צו דערהויבן זי ביז אַזאַ רייצנדיקן און ווירקנדיקן פאַקטאָר. סע „צעבערט" אַ רעגן, און ס'איז ניט נאַס, ווייל מ'איז צו דעם געוואָינט, ווייל רעגן פאַרמאָגט אויך שיינקייט און פאַרגעניגן. סע דונערט און בליצט און מאַרקאַן איז ניט או-

מעסיק—זי איז אַ פּאָלעסיש קינד. איז טאַקע די נאַטור אַ „פּאָלישוקישע", ניט קיין „ייִדישע": אָט האָט איר אייניקע בילדער:

„אַזוי ווערט טאָג אין כוטער: אַ הינקעדיקער וואָלף, וואָס האָט געהיט אַ גאַנצע נאַכט אַ קלוניע, וואָס האָט אַ גאַנצע נאַכט געגראַבלט מיט די געזונטע צוויי פֿאָדערשטע פֿיס דאָס פֿעסטע צווייַגן-געפֿלעכט פֿון אַ כוטערשן פּלויט, ווערט פּלוציִם אומרויִק... דער וואָלף דרייט אויס דעם קאָפּ צום וואַלד. ס'איז נאָך פֿינצטער. קאַלטע שייַן פֿון שאַרפֿן וואָלפֿן-אויג קאָן נאָך ניט כאַפּן דעם שניט—וווּ איז בוים און וווּ איז נאַכט. אַ שטערן האָט געפֿינקלט—פֿינקלט נאָך דער שטערן, אַ ווינטל האָט געבלאָזן—בלאָזט נאָך דאָס ווינטל. סע שלאָפֿט נאָך די שאָף אַף וואַרעמער שטרוי אין דער קלוניע... נאָר אַ האָן האָט שוין געגעבן אַ קריי אַף אַ בוידעם. דער וואָלף בייגט אונטער זייַן צעבראָכענע פֿוס און לאָזט זיך צו דער הרעבליע, און מיט דער הרעבליע—אין וואַלד. שוין נאָך דער נאַכט"...

אָדער:

„די ווינטיקע נאַכט האָט געשויבערט פּיאָלעטענע פּלעמלעך פֿון די לעצטע שייַטערס אַרום די פּאַלאַטקעס. פֿייַכטע סאָסנע-צווייַגן האָבן ניט געוואָלט דערברענען און מיט בייזער אויסגעוואָטן פֿון זיך קאַרגע טראָפּנס געלבלעכן שוים. אין אַ נאָענטן זומפּ האָט דאָס וואַסער זיך געבוילבעט און געזשומעט, ווי אַ שטילע מאַשין. בוימער אין וואַלד האָבן ניט געלאָזט צורו די נאַכט און האַרט געטראַכקעט, ווי אויפֿגעשלאָגן פֿייַער פֿון קרעמני-שטיין. טיף אין כאַשכעס האָט אַ וואָלף געהוילט אַפֿן בלייכן פּערלמוטער, וואָס האָט זיך ווען-ניט-ווען דורכגעריסן אינעם וואַלגער פֿון כמאַרעס,—עס יאָגט די לעוואָנע, ווי אַ פֿאַרבלאָנדזשעט שיפֿל אין קריהע".

די בילדער זייַנען שטאַרק און לעבעדיק. אָרלאַנד זעט די נאַטור איבערהויפּט אין איר סטיכעיִשן צושטאַנד.

אָרלאַנד איז בכלל ראַכוועסדיק, איבערהויפּט אין זייַן סטיל. די שפּראַך איז פֿאַרביק, בלוטפֿול, ריטמיש, זידנדיק, און ווו מע באַדאַרף—סוידעסדיק. באַ אַדאָם דעם פּאַסטעך, באַם צעקלאָטשעטן פּויערל—באַזונדערע אייגנאַרטיקע שפּראַך-באַוועגונגען. אָרלאַנד האָט אין דעם פֿאַל אַפֿילע דערהויבן די ייִדישע שפּראַך צו אַ פּאָלישוקיש-נאָענטעס און באַקאַנטעס. איר פֿילט זייער ספּעציפֿישן רוסיש. און ניט נאָר אין דעם פֿאַל—אָרלאַנדס שפּראַך האָט אין זיך פֿאַרקערפּערט ניואַנסן פֿאַר דעם אַלטן רוסישן פּאָלעסיע-טוישעוו, פֿאַרן רוסישן ביוראָקראַט פֿון קאָראָסטענער „זו", פֿאַרן ייִדישן קאָמיוגיסט און באַזאַרער ייִדישן „יאַכסן". אין אָרלאַנדס שפּראַך טרעפֿן מיר סטיליזירטקייַט און די האַנדלונג געווינט פֿון דעם אויס. אָפֿטמאָל זעט איר (ווי באַ באַבעלן אין רוסיש) דעם העלד דורך דער סטיליזירטער „איוורע":

„קאָלעגע (כויזעק, כויזעק אינם טאָן!), איר זעט זיי די צוויי פּונקטלעך?—זיי ליגן באַ ראַדאָווילער הרעבליע; שווים-באָדן האָט איר דאָרטן! דער אַרבעטער נעמט אָן אונטערן וואַסער אַ היפּשע לאָפּעטע גרונט און שיט אויס... אַביסל קאָלעמוטנע וואַסער. קאָלעגע (די צורע פֿונם הייזעריקן שיקער בעט זיך אַ פּליאַסק...), באַ אָט די צוויי פּיקעטלעך קאָנט איר פֿאַרשיטן די סמעטע און... אייַער קאַריערע"...

אַ פּאָלעסיש מיידל רעדט: „גאָרניאַ, מוירע האָסטו ניט? באַ דער נאַקעטער ווערבע וועט אונדז דער רעגן דעריאָגן... און דונערן... און בליצן... און ניטגוטע וועלן אונדז שלעפּן צו די בלאָטעס... או—אוך!"...

אָרלאַנד גיט איבער אין אייניקע ווערטער אַ גאַנצע בילד, אַ צושטאַנד:

„דאָס ניטפּריילעכע פֿייַערל אינם דערציילערס אויגן איז אינגאַנצן טריב געוואָרן. מיט אַזאַ טריבקייַט אין די אויגן קאָן מען מיט אייגענע הענט דערשטיקן אַ סוינע, אָדער באַ גראָבן אַ בעניאָכיד און ניט לאָזן אַ טרער".

אָ סטאַטיש בילד מיט אַן אינערלעכער דינאַמיק:

„ער האָט אופֿגעריִסן דיִ אויגן: באַם ווײַטן וואַלד האָט זיך אַ פּאַס היִמל אָנגעגאָסן מיִט מאַראַנצן-זאַפֿט. פֿון אַ בלאָוו כוטערשע געסל זײַנען אָנגעגאַנגען דרײַ בלאָווע יונגען—קאָראָסטענער אַרבעטער. זיי האָבן זיך צוגעזעצט אַף דיִ קלעצער באַם ברייטן שליאַך, אָפּאָטעמען פֿון אַ נאַכט ערגעץ ניִט שלאָפֿן, פֿון אַ נאַכט קאָליאַדעווען און קנאַקן האַרטע פּאָלעסיִשע ניִסלעך. אַ ליִדל האָבן זיי געזונגען, אַ היימיִש, אַ קאָראָסטענער:

פֿליִ זשע, מײַן פֿייגעלע...״

אַ שטיִקל פּאָלעסיִשע געשיִכטע:

„דעמלט האָבן נאָך שרעטעלעך געטראָגן מאַשקאָנעס קריִגלעך גאָלד, און לייציִם האָבן זייערע סוויִטקעס געהאַלטן אונטער דייזשעס באָרשטש איִן קרעטשמעס. דעמלט זײַנען נאָך פּויליִשע ריִטער געגאַנגען אַף קריִג קעגן קיִעווער וויִלדע שוואָטיִם און איִן גרויען בלאָנדז געשאָכטן טשערעדעס קנעכט אום צו טרעפֿן דעם וועג אַף צוריִקוועגס״.

אָרלאַנדס סטיִל איִז אַ ראַכוועסדיִקער, קאָנסטאַטיִרנדיִקער, זיִכערער.

* * *

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן אַזעלכע פּאַרדריִסלעכע מאָמענטן: איִן איין אָרט „דאָס היי״ איִן אַ צווייטן—„דיִ היי״, פּעיִק״ און „רויטאַרמייִש״. נאָר דאָס איִז שוין, מעגלעך, אויסער דעם אַווטאָרס שולד. דערפֿאַר אָבער: „דער פּאַרוסיִנענער ייִד״—דאָס איִז בעפֿײַרעש נאָכגעמאַכט בערגלסאָנס „ליוסטריִנענעם ייִדן״. ניִט קעדיי נאָכצומאַכן אַזוי נאָענט! דאָס איִז שוין ניִט אַ פֿאָרמע, נאָר עפּעס אַנדערש.

* * *

אָרלאַנדס „הרעבליעס״ זײַנען אַ שטאַרק-דערפֿרייענדיִקע דערשײַנונג איִן דער ייִדיִשער סאָוועטיִשער פּראָזע. דאָס בוך איִז ווערט מע זאָל איִם לייענען און שרײַבן וועגן איִם געניי און אויספֿיִרלעך.

## נ. קאַבאַקאָוו.

## „מאלאדניאק“ № 8, 1929 יאָר, אָרגאַן פֿון דער ווײַסרוסישער אסאציאַציע פּראָלעטאַרישע שרײַבער.

פֿון די בעלעטריסטישע ווערק, וועלכע זײַנען פֿאַראַן אין נ. 8 „מאלאדניאַק“, האָבן מיר אַ דערציילונג פֿון **מ. ניקאָנאָוויטש** „אין די פֿעלדיקע וועגן“. אַ דראַמע „הוטע“ פֿון **ריהאָר קאָבעץ** און אַ דערציילונג פֿון **סימאָן באַראַנאָוו** „אַף שטיקלעך ערד“ (נאָך דער אָנהויב). דער בעלעטריסטישער אָפּטייל האָט נאָך „דאָס ליד וועגן כאָווערשאָפּט“ פֿון באָריס מיקוליטש, אָבער דאָס איז גיכער פֿאַר אַלץ אַ ליד אין פּראָזע, וועלכע איז געגעבן געוואָרן אין זייער אַ שיינער, קינסטלערישער פֿאָרם.

ניקאָנאָוויטש מאָלט אין זײַן דערציילונג „אין די פֿעלדיקע וועגן“ דעם הײַנטצײַטיקן דאָרף. אָבער ווי מאָלט ער עס? ניקאָנאָוויטש באַווײַזט דעם „אידעאַטיזם“ פֿון דאָרף. דער אָווטאָר זעט אין אונדזער סאָוועטישן דאָרף, נאָר ווילדקייט, פֿינצטערניש, די הערשונג פֿון בלינדע אימפּולסן, ער זעט ניט דאָס נײַע, וואָס מיר האָבן אין דאָרף. ניקאָנאָוויטש גיט אונדז געשטאַלטן פֿון דאָרפֿישע פֿרויען, זייער „שווערער לעבן-וועג, וועלכער איז פֿול מיט מאַטערניש, אָרעמקייט, טרערן“.

ניקאָנאָוויטש זעט ניט יענעם רוק פֿאָרויס, וועלכן מיר האָבן אין דאָרף, מיר האָבן ניט איין קיין וואָרט וועגן קאַמף פֿון אָרעם-און מיטל-פּויער קעגן באַלעגוף. דערפֿאַר איז קיין וווּנדער ניט, וואָס ניקאָנאָוויטש האָט אין אַרסענאַל פֿון זײַנע פֿאַרבן און קאָלירן נאָר דעם שוואַרצן, געדיכט פֿינצטערן קאָלער. אַף די זײַטלעך 21 און 15 האָט איר קימאַט אַף יעדער שורע אַזוינע ווערטער, ווי „שוואַרצער“ „אָדער“ „פֿינצטערער“. דער אָווטאָר זעט ניט קיין נאָפּקעמינע צווישן דער באַלעגופֿישער, אָרעמער און מיטעלער פּויערטע, ער באַגיסט זיך מיט טרערן וועגן „דער מאַמע פאקוטניצע, דער גרויסער ווײַסרוסישער פּויערטע“, ניט שוין זשע איז די באַלעגופֿטע אויך די גרויסע ווײַסרוסישע פּויערטע? בײַ ניקאָנאָוויטשן פֿילט זיך דאָ די ווירקונג פֿון ווײַסרוסישן שאָוויניזם.

וועלכע געפֿילן דערוועקן זיך בײַ ניקאָנאָוויטשן, ווען ער זעט די דראַזיקע לאַגע פֿון דאָרף? עפּשער רופֿט ער די אָרעמקייט אַף פֿאַרשטאַרקן דעם קאַמף מיטן באַלעגוף? עפּשער רעדט ער וועגן דעם, אַז מען דאַרף בויען קאָלווירטן, פֿאַרשטאַרקן דעם צוזאַמענשלוס פֿון אַרבעטער-קלאַס מיטן אָרעמן און מיטלן פּויערטום פֿון דאָרף? ניין, אים „כאַפּט אַרום אַ גרויסער **ראַכמאָנעס**“ (אונטערגעצייכנט פֿון אונדז נ. ק.). אָט וואָס פֿאַר אַ באַרעמהאַציקער עס איז אונדזער ניקאָנאָוויטש.

ניקאנאוויטש איז אַוועקגעפֿאָרן מיט זײַן געליבטער סטודענטקע פֿון ווײַסרוסישן אוניווערסיטעט אין אַ סאָווירט און צופֿעליק פֿאַרפֿאָרנדיק אין דאָרף, האָט ער דערזען, אַז דאָרט איז „פּוסט און טויב“, נאָך „ניט קיין גרויסע אָרעמקייט“, „אַ יאַם פֿון נויט, שרעקלעכע לײַדן און שרעק“. פֿאַרוואָס באַקומט זיך עס אַזוי בײַ ניקאָנאָוויטשן? דערפֿאַר, וואָס דער קינסטלערישער האָריזאָנט זײַנער איז זייער אַ שמאָלער. ער רײַסט אַרויס אַ צופֿעליקן דעטאַל, אַ קלייניקייט פֿון דער קייט פֿון די דערשײַנונגען, שטעלט זיך אָפּ אַף דער קלייניקייט, גייט צו איר צו סטאַטיש, ער זעט ניט, ווי ער וואַקסט אונדזער דאָרף, וועלכע אַנטוויקלונג-טענדענצן שטויסן דעם דאָרף. ווערנדיק פֿאַרכאַפּט פֿון דער קלייניקייט, זעט ניט דער אָווטאָר דעם קאָמיוג, די פּאַרטיי, די גרופּן פֿון אָרעמקייט, דעם קלאַסן-קאַמף. באַקומט זיך אַן אײַנדרוק, אַז דער אָווטאָר האָט געוואָלט אָנוואַרפֿן אַן איימע אַף דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿטלעכקייט: גיב נאָר אַ קוק, וואָס דאָרט אין דאָרף טוט זיך...

און מאַרילע, די סטודענטקע פֿון מעלוכישן ווײַסרוסישן אוניווערסיטעט, וועלכע עס האָט אויך מיסטאָמע „אַרומגעכאַפּט אַ ראַכמאָנעסדיקייט“. זאָגט:

— ניט דאָ איז אונדזער אָרט... איך וועל אַוועקגיין אין יענע פֿעלדיקע וועגן.

און מיר וועלן זאָגן: ריפּע זיך ניט. די אָרעם און מיטעלע-פּויערישע טייל פֿון דאָרף, געפֿינענדיק זיך אין אַן ענגן צוזאַמענבונד מיטן פּראָלעטאַריאַט, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, בויט איבער דעם דאָרף אַף סאָציאַליסטישע יעסוידעס און קיין קלאַג-מוטערס דאַרף מען ניט האָבן.

דער ערשטער אַקט פֿון דער דראַמע „הוטע“ פֿון יונגן פּראָלעטאַרישן שרײַבער **קאָבעץ** זאָגט אײדעס וועגן דעם, אַז דער אָווטאָר איז גוט באַקאַנט מיטן אַרבעטער-לעבן. די טעמע איז געוויס זייער אַן אינטערעסאַנטע און אַקטועלע. די דראַמע „הוטע“, ווען זי וועט זײַן פֿאַרענדיקט, פֿאַרדינט אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג, מיט וועלכער אונדז וועט נאָך אויסקומען זיך פֿאַרנעמען.

פֿון די לידער, וועלכע זײַנען דאָ אין „מאלאדניאַק“, פֿאַרדינען אַן אויפֿמערקזאַמקייט די קאַפּיטלען פֿון איזי באַריקס פּאָעמע „מיט לײַב און לעבן“, וועלכע זײַנען געלונגען איבערגעזעצט. זייער גוט טוט די רעדקאָלעגיע פֿון

„מאלאדניאק“, וואָס זי באַקאַנט דעם ווײַסרוסישן לייענער מיט די שאַפונגען פון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער פון ווײַסרוסלאַנד. עס וואָלט ווינטשנסווערט געווען, אַז ייִדראָזיקע פּאָעמע זאָל אינגאַנצן איבערגעזעצט ווערן אָף ווײַסרוסיש.

**כוועדעראָוויטש** ווידמעט זײַנע „צוויי באלאדעס“ ראַפאַיל גראָסן, „וועלכער האָט אָוועקגעלייגט די בײנער זײַנע אָף די פעלדער פון וואַרשע“ אין 1920 יאָר“:

דעם זיכרוינעס-בוך לייג איך אָפּן טיש —
פאַר מיר גייט דורך דער 20-טער יאָר.
עס רופט, עס רופט אין העלדישן מאַרש
דער שלאַכטיקער שוימער קאַמיוג.

און דאַן —
ראַפאַיל איז געשטאָרבן פון ווּנדן
ס'איז אויסגעוואַקסן אַ בערגל אַ נײַער.

כוועדעראָוויטש פאַרומערט זיך:

ווו זײַנען די העלדישע גרויסע טעג
פון זאַווערוכעס און פײַערדיקע שטורעמס?

שוין אבער צייט, אַז כוועדעראָוויטש זאָל פאַרכאַפּט ווערן מיטן פרייד פון אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג.

**גאָרסקיס** אַרטיקל וועגן דער גרוזינישער ליטעראַטור און **קאַראַקס** וועגן דער אוקראַינישער ליטעראַטור זײַנען זייער ווערטפולע און טיפע.

**קוטשער** גיט אַ ליטעראַרישן פּאָרטרעט פון ווײַסרוסישן שרײַבער **וואַסיל קאָוואַל**. דעראָזיקער אַרטיקל האָט אַ ריי ווידערשפּרוכן.

זייער אָרעם איז דער ביבליאָגראַפישער אָפּטייל.

---

# כראָניק.

## ליטעראַטור.

— כ' מאַרמאָר, איינער פון די אָנגעזעענסטע טוער און שרײַבער פון דער ייִדסעקציע בײַ דער אַמעריקאַנישער קאָמפּאַרטיי, איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר.

די „פרײַהײַט“ ווידמעט אַ גאַנץ זײַטל דעם כ' מאַרמאָרס יובליי מיט אַרטיקלען, וואָס כאַראַקטעריזירן זײַן נוצלעכע אין פילזײַטיקע וויסנשאַפטלעכע, זשורנאַליסטישע און פּאָליטישע טעטיקײַט.

די ייִדסעקציע פון דער אַמעריקאַנישער קאָמפּאַרטיי באַגריסט כ' מאַרמאָרן צו זײַן פופציקיאָריקן יובליי „אַלס שריפטשטעלער, רעדנער, לעקטאָר און טוער אָפן קולטורעלן געביט און אָף אַנדערע געביטן צווישן די ייִדישע אַרבעטער, אונטער דער פירערשאַפט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי“. די ייִדישע סעקציע דריקט אויס איר אָנערקענונג „פונם כ' מאַרמאָרס גרויסע פאַרדינסטן פאַר די קלאַסן-באַוווסטע ייִדישע אַרבעטער“ און ווינטשט אים „נאָך לאַנגע יאָר פון פרוכטבאַרער אַרבעט אונטער דער רויטער פאָן פונם קאָמינטערן“.

— די נאָבל-פּרעמיע פאַר ליטעראַטור האָט באַקומען דער דײַטשישער שרײַבער טאָמאַס מאַן. זיי זײַנען צוויי ברידער: טאָמאַס און הענריך מאַן. דער עלטערער טאָמאַס, דער פּרעמירטער, איז ווייניקער טאַלאַנטירט ווי זײַן ייִנגערער ברודער הענריך. ער איז אויך ווייניקער פאַרגעשריטן. בײַם דעם אנטשטיין פון דער דײַטשישער רעפּובליק האָט טאָמאַס קעגן איר אָפילע געקעמפט, אַלס רעאַקציאָנער.

— אויסנוצנדיק די אָנוועזנהײַט פון כ' עריק אין מאָסקווע, האָט די מאָסקווער ייִדישע וויסנשאַפטלעכע געזעלשאַפט אײַנגעאָרדנט אַ פאָרלעזונג פון גאַסט א. ד. ט.: „די יידישע וויסנשאַפט אין אויסלאַנד“.

די פאַרזאַמלונג האָט געעפנט כ' צווי פרידליאַנד, פאַרוואַלטער פון ייִדאָפּטייל באַם מעלוכע-אוניווערסיטעט און מיטגליד פון דער קאָלעגיע פון היסטאָרישער ·בײַ דער קאָמאַקאַדעמיע.

נאָכדעם האָט כ' עריק געלייענט אַ לענגערן רעפעראַט וועגן צושטאַנד פון דער בורזשואַזער ייִדישער וויסנשאַפט אין אויסלאַנד, אָפּשטעלנדיק זיך באַזונדערס אָף דער טעטיקײַט פון ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע.

— די ייִדסעקציע „וווספ“ האָט אָף איר לעצטער פאַרזאַמלונג באַהאַנדלט דעם כ' ר. האָפּשטיינס לעצטן אַרטיקל, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין „עמעס“ דעם 22 אָקטיאַבר, אין וועלכן דער כ' האָפּשטיין באַרירט אַ ריי וויכטיקע פראַגן פון דער ליטעראַרישער פּאָליטיק.

נעמענדיק אין אַכט, אַז אַזוינע שריט זײַנען ניט דערלאָזבאַר פֿאַר אַ מיטגליד פֿון דער אַלוקר-אַיניִשער ייִד-ביוראָ פֿון „וווספּ“ און קאָלעגיע-מיטגליד פֿון אַ פּראָלעטאַרישן זשורנאַל, באַשליסט די ייִדסעקציע „וווספּ“.

1) אָפּרופֿן דעם כ׳ האָפֿשטיין פֿון דער קאָלעגיע „פּראָליט“ און פֿון דער אַלוקראַיניִשער ייִדביוראָ „וווספּ“.

2) פֿאָדערן פֿון דעם כ׳ האָפֿשטיין, אַלס אַ מיטגליד פֿון „וווספּ“, ער זאָל אין דער נאָענטסטער צײַט געבן דער אָרגאַניזאַציע דערקלערונגען וועגן דעם סכום פֿראַגן, וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט זײַנע לעצטע אַרויסטרע-טונגען.

— דעם 25-טן נאָיאַבר איז אין מאָסקווער קלוב „קאָמוניסט“ פֿאָרגעקומען אַן אָוונט פֿון דער מאָסקווער אַסאָציאַציע פֿון פּראָלעטאַרישע שרײַבער. ייִדסעקציע (מאַפּפּ, אַף ווועלכער כ׳ מ. ליטוואַקאָוו איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ פֿאָרטראַג „דער צושטאַנד און די פּערספּעקטיוון פֿון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין ראַטנ-פֿאַרבאַנד“.

— צווישן דעם 20־טן נאָיאַבר און 1־טן דעקאַבר האָט מען אין אוקראַיִנע באַצייכנט דעם 10-טן יאָרצײַט פֿון אָשער שוואַרצמאַן. די צענטראַלע ייִדישע ביוראָ האָט פֿאָרגעלייגט אַלע ייִדישע בילדונג-אינספּעקטערס דורכצו-פֿירן אין די טעג אַף די ערטער אין די ייִדישע קולטור־אַנשטאַלטן ספּעציעלע אָוונטן, געווידמעט דעם אָנדענק פֿונם פֿאַרשטאָרבענעם כאַווער.

— עס איז אַרויס פֿון דרוק אַ ביכל געווידמעט דעם 10-טן יאָרצײַט פֿון אָשער שוואַרצמאַן. דאָס ביכל האָט אַרויסגעגעבן דער פֿאָלקאָמבילד פֿון אוקראַיִנע. אין ביכל גייט אַרײַן: אָשער שוואַרצמאַנס פּאָרטרעט, אַן אַרטיקל וועגן זײַן דיכטערישן און רעוואָלוציאָנערן וועג און זײַנע געקליבענע לידער.

— לויט אַן אײַנלאַדונג פֿון די מאָלעווער אָנפֿירנדיקע אָרגאַנען איז אַהין אַרויסגעפֿאָרן אַ גרופּע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער פֿון מינסק—די כאַווײרים אַקסעלראָד, קולבאַק און ע. קאַהאַן. די נעסיע איז צונויפֿגעבונדן געוואָרן מיט דער מאָלעווער קרײַזישער קאָנפֿערענץ פֿון „אָקטיאַבר“־אַרבקאָרן, אַף וועלכער עס איז פֿון רעדאַקציע „אָקטיאַבר“ אַרויסגעפֿאָרן דער כ. דונעץ. אין דערזעלבער צײַט זײַנען צו באַזוכן אַ קאָלווירט אַרויסגעפֿאָרן קיין מאָלעוו די כאַווײריט ראַפֿאַלסקי און לאַבאַס—דער לעצטער איז אַ קינסטלער. האָט געמאַכט די דעקאָראַציעס פֿאַר דער שטעלונג „מאַשינען־גערוואַנגל“. אַף אַזאַ אויפֿן האָט מאָלעוו פֿאַר איינמאָל געהאַט בא זיך פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשיידענע מינים קונסט.

— עס איז דורך דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ צוגעגרייט געוואָרן אַ ברייטע אַלשטאַטישע מינסקער קאָנפֿערענץ פֿון אַרבעטער און לערניוגנט, וואָס האָט אַף דעם אָדער יענעם אויפֿן שוין אַ באַשטימטן אינטערעס אין שײַכעס צו דער ליטעראַטור. דער זין פֿון דער קאָנפֿערענץ איז: צוציִען אָנפֿאַנג.-שרײַבער און אַרבקאָרן צו דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, אַרײַנציִען די טאַלאַנטפֿולע אַרבעטער אין „בעלאַפּפּ“, אַרויסרופֿן אַ ברייטערן אינטערעס צו ליטעראַטור-פֿראַגן ביִכלאַל בא דעם אַקטיוו אַרבעטערישן לעזער.

— די הויפּט־ביוראָ פֿון די ייִדסעקציעס באַם צ. ק. ק. פּ. (ב) או. האָט אין צוזאַמענהאַנג מיטן ליטעראַרישן אַרויסטריט פֿונם שרײַבער ל. קוויטקאָ, באַשלאָסן:

האַלטן פֿאַר נויטיק איבערצוקוקן דעם באַשטאַנד פֿון די רעדקאָלעגיעס פֿון אונדזערע זשורנאַלן, ווי אויך דעם רעדאַקטער-באַשטאַנד פֿון די פֿאַרלאַגן, וואָס גיבן אַרויס ייִדישע ליטעראַטור, קעדיי צו פֿאַרפֿעסטיקן זיי און באַ-וואָרגן זיי מיט אידעאָלאָגיש-אויסגעהאַלטענע פּאַרטיי-מיטגלידער.

האַלטן פֿאַר נויטיק אַרויסצופֿירן דעם כ׳ קוויטקאָ פֿון דער רעדקאָלעגיע „די רויטע וועלט“ און אָראָפּנעמען פֿון דער אַרבעט דעם רעדאַקטער פֿון ייִדסעקטאָר פֿון צענטראַפֿאַרלאַג דעם כ׳ קאָזאַקעוויטש.

# טעאַטער און קונסט.

— דער ווײַסרוסישער וואַנדער-טעאַטער א. נ. „האָלובאָק“ איז פֿון 1-טן אָקטיאַבר רעאָרגאַניזירט געוואָרן און אַרבעט איצט בא א נײַעם באַשטאַנד מיט מער קוואַליפֿיצירטע אַרטיסטן. אין אָקטיאַבר כוידעש האָט דער טע-אַטער באַדינט די רויטע אַרמיי און האָט געגעבן 35 קאָנצערטן.

פֿון דעקאַבר כוידעש אָן וועט דער וואַנדער-טעאַטער שפּילן אין ווײַסרוסישן מעלוכע-טעאַטער איינצײַטיק מיטן ייִדישן מעלוכע-טעאַטער.

פֿון פֿרילינג וועט דער וואַנדער־טעאַטער באַדינען די דערפֿער און שטעטלעך פֿון מאָלעווער און אָרשער קרײַזן, ווו עס ווערט דורכגעפֿירט אַ דורכויסיקע קאָלעקטיוויזאַציע.

— דער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער פֿון ווײַסרוסלאַנד האָט אויפֿגעפֿירט צ. דאָלגאָפּאָלסקיס פּיעסע „מאַשינען־גערוואַנגל“, וועלכע איז דורך מיט דערפֿאָלג. די אויפֿירונג און די פּיעסע האָבן אַרויסגערופֿן לעבהאַפֿטע דעבאַטן אין דער פּרעסע.

רעדקאָלעגיע: ש. אַגורסקי, ב. אָרשאַנסקי, א. אָשעראָוויטש, כ. דונעץ, א. וואָלאָברינסקי, א. כאַריק.

מינסק, דרוקערײַ פֿון ווײַסרוסישן מעלוכע-פֿאַרלאַג. באַשט. 735 גלאַוויטעל 504. טיראַזש 2000.

# ЗОРКА

Літаратурна-мастацкі
й палітычна-навуковы
часопіс



פרייז 60 ק.



ВЫДАНЬНЕ
„А К Ц Я Б Р“
Менск, Ленінская вул., 22